הירש בריל

# אויפן שוועל

פאַרלאַג „שוועלן“
בערלין, 1924

VERLAG „SCHWELLEN“
*BERLIN-CHARLOTTENBURG, KANTSTR. 68*

Printed in Germany

# אינהאַלט:

## פ ע ר ז אָ נ ע ן :

ח ל ק י ה, פירער פון אַ סיקאַריער באנדע } יהודה הגליליס זין
מ נ ח ם, זיין יינגערער ברודער }
ג מ ל י א ל, אַן עלטערער מיטגליד פון דער מחנה
ש מ ע י
אַ פּ אָ ל אָ נ י ו ס, געוועזענער סיריש־רוימישער באַאַמטער אין גליל, איצט אַ פאַרשיקטער אין די גרעניץ־געגנטן
ה ע ל ע נ אַ, זיין פרוי
מ ע ד ע אַ, איר דינסט

סיקאַריער און אַפּאָלאָניוסעס דינער

סוף זעכציגער יאָרן פון ערשטן יאָרהונדערט, אין סירישן מדבר לעבן די גרעניצן פון ארץ־ישראל.

אַפּאָלאָניוסעס הויז. העלענאַ קומט שטילערהייט אַריין, זי רעדט מיט מעדעאַן, וואָס שטייט נאָך פון יענער זייט.

העלענאַ

ס'איז קיינער ניטאָ, קום אַריין.

מעדעאַ

גייט אַריין שטילערהייט. ער וועט באַלד קומען.

העלענאַ

האָב קיין מורא ניט, קום אַהער.

מעדעאַ

איך וויל ניט, דו זאָלסט צוליב מיר פאַרלירן ביי אים דיין חן. דו קריגסט זיך שטענדיג מיט אים און אַלץ צוליב מיר.

העלענאַ

נאַרישע אַלטע! ווען ניט דו, וואָלט געווען אַן אַנדער תירוץ. די אמתע סיבה איז גאָר אַן אַנדערע, דו ווייסט עס זעהר גוט.

מעדעאַ

גיב מיר אָפּ דאָס פלעשל גיפט.

העלענאַ

ניין, ס'האָט לאַנג געדויערט, ביז איך האָב עס ביי דיר אויסגענאַרט, דו נאַרישע, דו גוטע אַלטיטשקע. ווילסטו, איך זאָל עס דיר מיט גוטן אָפּגעבן? קיינמאָל ניט. איך דאַרף עס.

מעדעאַ

פאַר וועמען?

העלענאַ

פאַר דיר, אויב דו וועסט זיין נאַריש. קום אַהער, נעם אַרויס דיינע כשוף־צייכנס און וואַרף זיי מיר אויס. דערצייל מיר, וואָס דו זעהסט.

מעדעאַ

איך האָב דיר שוין דערציילט, מער זעה איך ניט.

העלענאַ

חזר עס איבער נאָך אַמאָל.

מעדעאַ

איך האָב דיר שוין געזאָגט, וואָס איך האָב געזעהן, און געזעהן האָב איך אָהן אַ ספק, אַז די בשורה וועט גיך קומען פון וויסטע מדבריות און אומבאַ־וואוינטע בערג.

העלענאַ

און נאָך עפּעס האָסטו געזעהן.

מעדעאַ

מער האָב איך ניט געזאָגט.

העלענאַ

האָסט נאָך עפּעס געזעהן, דו כיטרע אַלטיטשקע, ווילסט ניט זאָגן. איך זעה עס אויף דיין פּנים.

מעדעאַ

אַ סוד האָב איך געזעהן.

העלענאַ

און דוקא סודות האָב איך ליב.

מעדעאַ

דעם סוד פאַרשטיי איך ניט, ער איז גרויס און טיף. איך באַגרייף דאָס ניט.

העלענאַ

קוק ווייטער, לייען. איך מוז וויסן.

מעדעאַ

אַ ווילדער שטורעם וועט אָנקומען פון מזרח זייט.

העלענאַ

וועט ער ברייגנען פרייהייט, דאָס וויל איך וויסן! פרייהייט! איך וויל אַרויס פון דאַנען, זאָל זיין אין וויסטן מדבר, אין אומבאַוואוינטע בערג, אָבער פון דאַנען אַרויס.

מעדעאַ

אפשר נאָך מער.

העלענאַ

אויב דו נאַרסט מיך... ניין, מיין ליבינקע, דו מיינסט דאָס טאַקע אויף אַן אמת, איך גלויב דיר.

מעדעאַ

גיב זשע מיר אָפּ דאָס פלעשל.

העלענאַ

דאָס קריגסטו ניט.

מעדעאַ

דאָס איז דער שרעקליכסטער סם־המות, וואָס אַ מענטש האָט ווען געזעהן.

העלענאַ

איז נאָך בעסער. אַ דינער קומט האַסטיג אַריין.

ד ע ר  ד י נ ע ר

וואו איז דער האַר?

ה ע ל ע נ אַ

ער איז דאָ ניטאָ.

ד ע ר  ד י נ ע ר

איך מוז שוין מיט אים ריידן, די סכנה קומט נעהענטער.

ה ע ל ע נ אַ

וואָס פאַר אַ סכנה?

ד ע ר  ד י נ ע ר

דו ווייסט פון גאָרניט, אָבער דעם האַר מוז איך גלייך זעהן. ווייל גיין.

ה ע ל ע נ אַ

וועסט ניט גיין פון דאַנען, ביז איך וועל אַלץ דערגיין.

ד ע ר  ד י נ ע ר

דער האַר וועט מיך טויטן, אַז ער וועט מיך געפינען דאָ רעדנדיג מיט דיר.

ה ע ל ע נ אַ

רייד שנעלער, דערנאָך קאָנסטו גיין.

ד ע ר  ד י נ ע ר

אַ שונא גייט אויף אונז, אַ שרעקליכער שונא, וואָס ער וועט אונז אַלעמען אומ־בריינגען.

ה ע ל ע נ אַ

ווער איז ער?

ד ע ר  ד י נ ע ר

אַ שרעקליכע יידישע רויבער־באַנדע, סיקאַריער רופט מען זיי. איך מוז גיין, איך מוז מיט דעם האַר ריידן.

ה ע ל ע נ אַ

גיי. האָסטו געהערט, מעדעאַ? דער דינער גייט אַרויס.

מ ע ד ע אַ

איך האָב געהערט.

ה ע ל ע נ אַ

אַ שרעקליכער שונא גייט אויף אונז, ער וויל אונז אומבריינגען.

מ ע ד ע אַ

אַזוי האָט ער געזאָגט.

ה ע ל ע נ אַ

אים וויל ער אומבריינגען. דער שונא איז זיינער, ניט אונזערער. פאַרשטייסט? ווען צוויי האָבן אַ בשותפותדיגן שונא, ווערן זיי ביידע פריינט.

מ ע ד ע אַ

איך פאַרשטיי דיך.

ה ע ל ע נ אַ

שטיל. זיין שונא קאָן זיין אונזער גואל.

מעדעאַ

פון אַ יידישער רויבער־באַנדע וועסטו קיין גוטס ניט זעהן.

העלענאַ

אויב זיי זיינען זיינע שונאים, מעגן זיי שוין זיין אַ יידישע רויבער־באַנדע. קום, לאָמיר דערווייל גיין. זיי גייען ביידע אַרויס. דורך דער צווייטער זייט קומט אַריין אַפּאָלאָניוס, דער דינער נאָך אים.

אַפּאָלאָניוס

ביסטו זיכער, אַז זיי זיינען דאָס?

דער דינער

איך האָב זיי אַליין געזעהן.

אַפּאָלאָניוס

וויפיל זיינען זיי?

דער דינער

איך האָב זיי ניט געציילט.

אַפּאָלאָניוס

זיינען זיי צענדליגער, הונדערטער, טויזנטער?

דער דינער

מיין אויג איז פאַרבלענדט געוואָרן, קוקנדיג אויף זיי. ווי די רוחות האָבן זיי געשוועבט אויף זייערע פערד אין פלאַכן מדבר־זאַמד.

אַפּאָלאָניוס

שפּאַנט אַרום. ווער וועט קומען פריהער? די רויבער פון מזרח, צי די רוימער פון מערב. איז אַלץ דערווייל שטיל?

דער דינער

יאָ, מיין האַר.

אַפּאָלאָניוס

די טויערן זיינען געשלאָסן?

דער דינער

ווי דו האָסט באַפוילן.

אַפּאָלאָניוס

איך האָב דיר געהייסן גיין צווישן די קנעכט און געוואָר ווערן, צי מען קאָן זיך אויף זיי פאַרלאָזן.

דער דינער

איך האָב דאָס אויך געטאָן. זיי זיינען דיר טריי.

אַפּאָלאָניוס

גיב גוט אַכטונג, איך וועל דיך באַלוינען; אויב דו באַמערקסט עפּעס, קום גלייך צו מיר.

דער דינער

גיב דיינע באַפעלן.

אַפּאָלאָניוס

דער רייטער איז נאָך היינט פריה אַוועק, די הילף קאָן שוין אָנקומען.

דער דינער

ס׳שטייט אַ וועכטער אויף דער וואַך. אַ טומל דרויסן.

אַפּאָלאָניוס

וואָס האָט פּאַסירט?

דער דינער

דיינע דינער זיינען גרייט. זיי שטייען אויסגעשטעלט אין רייען, ווי דו האָסט באַפוילן.

אַפּאָלאָניוס

גוט. לאָמיר אַרויסגיין צו זיי. גייען ביידע אַרויס. העלענאַ קומט ווידער אַריין, מעדעאַ גייט איר נאָך. ביידע קוקן אַרויס דורכן פענסטער.

מעדעאַ

באַלד וועט ער ווידער אַריינגיין.

העלענאַ

ער רעדט צו די דינער. ער טוט זיך אָן אַ פּאַנצער. זעה, ווי עקלדיג ער זעהט אויס אין דעם פּאַנצער. קערט אָפּ איר פּנים.

מעדעאַ

קום. לאָמיר גיין.

העלענאַ

פאַרוואָס האָסטו מורא?

מעדעאַ

טאָכטער מיינע, אַז דו וועסט זיך ניט היטן, וועט זיין אַן אומגליק.

העלענאַ

דו ווילסט, איך זאָל אייביג פילן זיינע אָרעמס אַרום מיר און זיינע עקלדיגע ליפּן אויף מיינע?

מעדעאַ

די ישועה וועט קומען פון וויסטע מדבריות און אומבאַוואוינטע בערג. אַפּאָלאָניוס קומט אַריין.

אַפּאָלאָניוס

איך האָב געמיינט, דו רוהסט זיך, זיסע פרוי. וואָס טוסטו דאָ?

העלענאַ

איך האָב געקוקט.

אַפּאָלאָניוס

מיר גרייטן זיך צו עפּעס, איך וועל דיר באַלד דערציילן. צו מעדעאַן. גיי. מעדעאַ גייט אַרויס. נאָך איין מאָל, אַז איך וועל זי זעהן מיט דיר צוזאַמען, וועל איך זי אַרויסשמייסן צו די ווילדע בעסטיעס. איך ווייס, אַז נאָר זי, די מיאוסטע פון אַלע, האָט דיך פאַרכשופט קעגן מיר. דעריבער ביסטו שטענדיג אייז־קאַלט צו מיר. ווייניג דינסטן האָסטו אַרום זיך? צוליב וואָס האָסטו זיך אויסגעקליבן די שמוציגסטע און עקלדיגסטע פון אַלע?

העלענאַ

איך האָב זי ליב.

אַפּאָלאָניוּס

דו האָסט שטענדיג אומפאַרשטענדליכע וועגן, זיסינקע, איך ווייס בעסער ווי דו, איך האָב דיר געוואָלט עפּעס דערציילן, ווילסט ניט הערן? *(ווייל זי אַרומנעמען, העלענאַ גליטשט זיך אַרויס פון זיינע אָרעמס.)*

העלענאַ

דערצייל מיר, וואָס דו ווילסט.

אַפּאָלאָניוּס

דו וואונדערסט זיך גאָרניט, וואָס איך בין אָנגעטאָן אין פּאַנצער און דאָרטן שטייען מיינע קנעכט אין כלי־זין? ס'גייט אויף אונז אַ שונא, אָבער רוימיש חיל קומט צו הילף. מיין קריגעריש בלוט האָט אין מיר דערוואַכט. איך בין דאָך געוועזן אַ גרויסער קריגער, איידער איך האָב פאַרלוירן מיין חן ביים נציב אין קסריה. איצט וועט ער מיר מוחל זיין, ער וויל דאָך אויסראָטן די יידישע רויבער־באַנדעס. אַפּאָלאָניוּס וועט ווידער ווערן אַ פירסט אין קסריה, און העלענאַ וועט זיין אַ פירסטין, די שענסטע און ליבסטע פרוי אין קסריה, מיין העלענאַ. *(ווייל זי ווידער אַרומנעמען.)*

העלענאַ

אָנגעטאָן אין אַ פּאַנצער ווילסטו מיך ליבן.

אַפּאָלאָניוּס

דער פּאַנצער איז ניט קעגן דיר, אָבער הער זיך איין, מיין זיסינקע, טאָמער קומען די רויבער־באַנדעס, איידער דאָס רוימישע חיל, וועסטו זיך מוזן אויסבאַהאַלטן.

העלענאַ

פאַרוואָס?

אַפּאָלאָניוּס

איך וויל ניט, זיי זאָלן דיך זעהן, פאַרשטייסט? איך מיט מיינע קנעכט טרעטן אַרויס קעגן שונא, נאָר טאָמער פאַרשפּעטיגט די הילף, איז דער וועג צום אַנט־לויפן צוגעגרייט. צוויי פערד וואַרטן אויף אונז, — אויב דער שלאַכט גייט קעגן אונז, וועלן מיר אַנטלויפן צו מערב צו, פון וואַנען דאָס רוימישע חיל מוז קומען. איך וועל דיר צו וויסן געבן.

העלענאַ

דערווייל איז נאָך צופריה דערפון צו טראַכטן. גיי, דיינע דינער וואַרטן אויף דיר.

אַפּאָלאָניוּס

דו ביסט גערעכט, אָבער דו זאָלסט זיך ניט באַווייזן, וואָס ס'זאָל זיך ניט טרעפן. איך וועל וואַכן איבער דיר. *(גייט אַרויס. העלענאַ הערט זיך צו, זי עפנט די צווייטע טיר, פון האַנען מעדעאַ קומט אַרויס.)*

העלענאַ

ביסטו דאָ?

מעדעאַ

לאָז מיך אַוועקגיין פון דיר.

ה ע ל ע נ אַ

קום אַריין, איך האָב אַ פּלאַן. קאָנסטו רייטן אויף אַ פערד ?

מ ע ד ע אַ

ניין.

ה ע ל ע נ אַ

וועל איר דיך אָנבינדן צום זאָטל. היינט זיינען מיר פריי, צוויי פערד וואַרטן.

מ ע ד ע אַ

איך ווייס ניט, וואָס דו זאָגסט, מיין טאָכטער, אָבער איין זאַך ווייס איך, אַז יוגנט פירט ניט תמיד אויפן ריכטיגן וועג.

ה ע ל ע נ אַ

ווייל דאָס לעבן איז הינטער דיר און פאַר דיר גאָרנישט.

מ ע ד ע אַ

ביסט גערעכט.

ה ע ל ע נ אַ

נעמט זי פּלוצלינג אַרום. טייערע מעדעאַ מיינע, זיי מיר מוחל. האָב איך דיך באַליידיגט ?

מ ע ד ע אַ

דו האָסט געזאָגט דעם אמת, טאָכטער מיינע.

ה ע ל ע נ אַ

דו רופסט מיך שטענדיג טאָכטער, וועל איך דיך רופן מוטער. איך האָב קיינמאָל ניט געהאַט קיין מוטער, און אפשר יאָ ?... איך געדיינק ניט. איך ווייס ניט, ווער איך בין און פון וואַנען איך קום.

מ ע ד ע אַ

איין גורל האָבן מיר, און דער גורל גייט פון דור צו דור. ניט די טעכטער ווייסן, ווער זייערע מאַמעס זיינען, און ניט די מאַמעס ווייסן, וואו זייערע טעכטער זיינען.

ה ע ל ע נ אַ

פון דור צו דור, און ווי לאַנג וועט דאָס אָנהאַלטן ?

מ ע ד ע אַ

ביז אַ גרויסע ישועה וועט אָנקומען.

ה ע ל ע נ אַ

אפשר וועט דאָס געדויערן נאָך אַזוי פיל דורות. איך קאָן ניט וואַרטן אַזוי לאַנג.

מ ע ד ע אַ

די, וואָס קאָנען ניט וואַרטן, גייען אונטער.

ה ע ל ע נ אַ

זאָל זיין אונטערגיין, אָבער ניט אַזוי לעבן ווי איצט. אַ טומל דרויסן.

מעדעאַ

ער קומט. גייט אַרויס דורך דער טיר. העלענאַ חיל אויך גיין, נאָר אַפּאָלאָניוס און דער דינער קומען אָן.

אַפּאָלאָניוס

דאָס חיל קומט. זיסינקע, קום מיט מיר מקבל פּנים זיין דאָס רוימישע חיל. דו זעהסט, איצט קומט אָן די נייע צייט, די צייט פון גרויסקייט. צום דינער. וואָס האָסטו געזעהן? דערצייל איר.

דער דינער

אַ מחנה קריגער, האָב איך געזעהן, קומט אָן און פאָראויס רייט עמיצער אויף דעם שנעלן פערד, אויף וואָסערן דיין שליח איז אַוועק.

אַפּאָלאָניוס

האָסטו געהערט? דער נציב פאַרלאָזט ניט צעזאַרס טרייע דינער. איצט זאָלן די מורדים קומען. ס'הערן זיך קולות.

דער דינער

מען רופט מיין האַר. אַפּאָלאָניוס גייט צו דער טיר.

אַפּאָלאָניוס

געטער פון אָלימפּוס! קולות: די סיקאַריער, די סיקאַריער. מען האָט אונז גענאַרט! די קולות הערן שטאַרקער. מען האָט אונז פאַרראָטן. די טויערן שליסט צו!..

העלענאַ

דאָס רוימישע חיל, הייסט עס, איז נאָך ניטאָ, און דער שונא איז שוין יאָ געקומען.

אַפּאָלאָניוס

צום דינער. איך קום, גיי אַרויס. זאָל יעדער פאַרנעמען זיין פּלאַץ. דער דינער גייט אַרויס, ס'הערן זיך קולות. העלענאַ, קיין וואָרט ניט, קום שנעל.

העלענאַ

האָסט דאָך געזאָלט מלחמה האַלטן! טראָגסט דאָך אַ פּאַנצער!

אַפּאָלאָניוס

אָהן חיל קאָן מען ניט מלחמה האַלטן. אויף די קנעכט קאָן מען זיך ניט פאַרלאָזן. זיי זיינען געקויפט פאַר געלט און פאַר מער געלט קאָנען זיי זיך פאַרקויפן.

העלענאַ

וויפיל שטיקער זילבער האָסטו באַצאָלט פאַר מיר?

אַפּאָלאָניוס

מיין גאַנץ לעבן האָב איך פאַר דיר געגעבן.

העלענאַ

ניט גענוג באַצאָלט. איך וויל מער.

אַפּאָלאָניוס

העלענאַ, וואָס מיינסטו?

העלענאַ

מיין פרייז איז פרייהייט. ווער עס וועט געבן דעם פרייז, אויף דעמס צד וועל איך זיין.

אַפּאָלאָניוס

אַלץ איז דאָך דיינס. אַלץ, וואָס דו זעהסט, געהערט דאָך דיר.

העלענאַ

אַחוץ דעם וויכטיגסטן פון אַלץ — איך אַליין. ס׳הערן זיך קולות.

אַפּאָלאָניוס

דו הערסט די קולות? איצט איז נאָך צייט צו אַנטלויפן, וועסט שפּעטער ריידן...

העלענאַ

ריידן וועל איך שפּעטער, אָבער האַנדלען וועל איך איצט.

אַפּאָלאָניוס

כאַפּט זי אָן. איך וועל דיך ניט אָפּלאָזן, דו וועסט קיינעם ניט געהערן. ווען איך זאָל שטאַרבן, וועסטו שטאַרבן מיט מיר.

העלענאַ

רייסט זיך אַרויס פון אים. ניט אין דיינע אָרעמס. איך האָב דיך שטענדיג געהאַסט, און ווען דו ריהרסט מיך אָן, איז ווי אַ שרץ וואָלט מיך אָנרירן.

אַפּאָלאָניוס

אָט שוין טויט איך דיך . . . חיל זי אָנכאַפּן.

דער דינער

לויפט אַריין. מיין האַר, מיר וועלן מוטיג קעמפן. קום מיט אונז, פיר אונז.

אַפּאָלאָניוס

יאָ, צום קאַמף. איך האָב איצט פאַר וואָס צו קעמפן. געדיינק דאָס, פרוי. איך בין נאָך ניט פאַרלוירן. גייט אַרויס מיט דעם דינער, העלענאַ גייט אַרויס דורך דער צחייטער טיר.

עס הערן זיך קולות און אַפּאָלאָניוסעס אויסרופן. ער קומט אַריין מיט עטליכע דינער ארום זיך. די טירן פאַרמאַכט פון אינעווייניג. מיר קאָנען אויסהאַלטן אַ באַלאַגערונג אפילו פון טעג.

אַ קול

פון דרויסן. זיי ווילן שלום, זיי ווילן שלום.

אַפּאָלאָניוס

ווער האָט געזאָגט שלום? איך בין צופרידן. איך גיי איין...

דאָס קול

זייער שליח קומט, אָט איז ער.

אַפּאָלאָניוס

זאָל ער קומען. גמליאל קומט אַריין.

גמליאל

איך בין געשיקט צו אייך אַלעמען פון חלקיה, דעם פירער פון דער מחנה.

אַפּאָלאָניוס

איך בין דער הערשער פון דעם הויז.

גמליאל

געשיקט האָט מיך דער פירער צו די, וואָס שטייען אַרום דיר. הינטער דיינע ווענט וואַרט פרייהייט אויף זיי.

אַפּאָלאָניוס

מיינע דינער טרויען ניט דיינע פאַלשע רייד. זיי שטייען מיט מיר צוזאַמען און וועלן קעמפן קעגן אייך ביז דער לעצטער רגע.

גמליאל

און צו דיר האָב איך אויך אַ שליחות. ביסטו אַפּאָלאָניוס?

אַפּאָלאָניוס

דאָס איז מיין נאָמען. קום נעהענטער, רייד צו מיר, אויב דיין האַר האָט דיך געשיקט. ווער איז ער? וואָס פאַרלאַנגט ער?

גמליאל

אונזער מנהג איז, קיינעם ניט צו באַפאַלן, איידער ער הערט אויס אונזערע פאָ־דערונגען. מיר באַפאַלן ניט די, וואָס געבן זיך אונטער.

אַפּאָלאָניוס

איך בין גרייט צו מאַכן מיט אייך שלום. וואָס זיינען דיינע תנאים?

גמליאל

אַלע דיינע קנעכט און דינסטן זאָלסטו לאָזן פריי. דיינע הייזער, דיין לאַנד, דיינע שאָף און רינדער זאָל צו זיי געהערן. דיין גאָלד און זילבער זאָלסטו איבערגעבן אונז און אַליין זאָלסטו אַרויסקומען צו אונז מיט דיין שווערד צעבראָכן, דיינע קליידער צעריסן און דיינע פיס באָרוועס.

אַפּאָלאָניוס

וואָס וועט איר טון מיט מיר?

גמליאל

דער, וואָס גיט זיך אונטער, דער שטעלט ניט קיין תנאים.

אַפּאָלאָניוס

זאָג דיין האַר, איך וויל מיט אים שלום מאַכן, איך וועל אים גוט באַלוינען.

גמליאל

איז דאָס דיין תשובה?

אַפּאָלאָניוס

ער פאַרלאַנגט צו פיל פון מיר, ער וויל מיך באַרויבן און באַליידיגן. נעמט אַלץ, לאָזט מיר נאָר אַ טייל פון מיין גאָלד און איינע פון מיינע דינסטן.

גמליאל

איך האָב געהערט. גייט אַרויס.

אַפּאָלאָניוס

וואַרט אויס, וואַרט אויס! רופּט אים צוריק, מיר זיינען פאַרלוירן, אָ, געטער פון אָלימפּוס!

דער דינער

ביי דער טיר. זיי זיינען דורך דעם טויער, ס׳איז ניטאָ קיין ווידערשטאַנד. עס הערן זיך קריגס-געשרייען פון די סיקאַריער.

אַפּאָלאָניוס

ווער עס וועט שטיין מיט מיר, דער וועט זיין פריי. דאָס רוימישע חיל וועט באַלד קומען. די סיקאַריער רייסן זיך אַריין דורך דער טיר. עס קומט פאָר אַ קורצער קאַמף. חלקיה באַוויזט זיך און בלייבט שטיין אויפן שוועל.

חלקיה

צו אַפּאָלאָניוסן. וואַרף אַוועק דיין שווערד. אַפּאָלאָניוס בלייבט שטיין ווי פאַרגליווערט, אַז ער דערזעהט אים. חלקיה קומט נעהענטער. וואַרף אַוועק דיין שווערד. אַפּאָלאָניוס לאָזט פאַלן זיין שווערד און עס ווערט שטיל. וואַרפט אַראָפּ אייערע שווערדן, קנעכט מיט קנעכטישע נשמות. גייט אַרויס, איר זענט פריי. די דינער גייען איינציגווייז אַרויס.

אַפּאָלאָניוס

ווער ביסטו?

חלקיה

די איבעריגע, וואָס געפינען זיך אין הויז, זאָלן שוין דאָס הויז פאַרלאָזן. עטליכע פון די סיקאַריער גייען דורך דער צווייטער טיר און קומען שפּעטער צוריק מיט העלענאַן און מעדעאַן.

אַפּאָלאָניוס

ווער ביסטו?

חלקיה

דאָס וועסטו זיך באַלד דערוויסן.

אַפּאָלאָניוס

דיין פּנים איז מיר באַקאַנט, איך האָב דיך ערגעץ וואו געזעהן.

חלקיה

אפשר האָסטו מיך אַמאָל באַמערקט ביי אַ קרייץ אין גליל, ווען דו ביסט געווען דער הערשער און דער ריכטער.

אַפּאָלאָניוס

רופט אויס ערשטוינט. יהודה פון גליל! יהודה דער מורד!

חלקיה

האָסט ניט קיין שלעכטן זכרון. יהודה, דער מורד פון גליל, איז אָבער געשטאָרבן אויף דעם קרייץ. אפשר בין איך ענליך אויף אים, איך בין זיין זון.

אַפּאָלאָניוס

איך דערקען דיך איצט, דו ביסט ווי ער.

חלקיה

איך דאַנק דיר פאַר דעם כבוד. נו, אַפּאָלאָניוס, וואָס מיינסטו איצט? אַפּאָלאָניוס שווייגט. איך האָב געמיינט, דו וועסט פאַלן אויף די קני און בעטן דיין לעבן.

אַפּאָלאָניוס

מיט געמאַכטן „שטאָלץ״. דו ביסט אַ מורד, דער זון פון אַ מורד, דו פאַרדינסט דעם טויט.

חלקיה

די, וואָס האָבן אַמאָל געמשפּט, וועלן איצט אַליין געמשפּט ווערן.

אַפּאָלאָניוס

מיין ניט, אַז רוימס מאַכט וועט עס דיר פאַרגעסן. זי וועט לייגן אויף דיר איר האַנט, אויב עפּעס וועט מיר געטאָן ווערן.

חלקיה

רוימס מאַכט איז ווייט פון דאַנען, און דיין סוף איז נאָהענט.

אַפּאָלאָניוס

רוימס מאַכט איז נעהענטער, ווי דו מיינסט.

חלקיה

זיי ניט גענאַרט. דיין שליח איז ניט דערגאַנגען, וואוהין דו האָסט אים געשיקט. זיין טויטער קערפּער וואַלגערט זיך אין זאַמד און זיין שנעל פערד האָט מיך געבראַכט צו דיר.

אַפּאָלאָניוס

אָ, געטער פון אָלימפּוס!

חלקיה

אויך דיינע געטער זיינען מאַכטלאָז אָהן דעם חיל פון רוים.

אַפּאָלאָניוס

אַלץ איז פאַרלוירן... קוקט זיך אַרום און דערזעהט העלענאַן.

חלקיה

האָסט דאָך אַמאָל געוועלטיגט אין גליל, האָסט אפשר געהערט, ווי דאָס פאָלק זאָגט: „וואויל איז דעם, וואָס דערוואַרט גאָרניט״.

אַפּאָלאָניוס

וואָס ווילסטו טון מיט מיר?

חלקיה

ווען דו וואָלסט געווען אַן אמתער רוימער, ניט קיין פאַרשטעלטער סירישער קנעכט, וואָלסטו כאָטש געקאָנט שטאַרבן ווי אַ מאַן.

אַפּאָלאָניוס

דו ווילסט, איך זאָל דיך בעטן; דו ווילסט זעהן שוואַכקייט פון מיין זייט, כדי דו זאָלסט קאָנען פון מיר חוזק מאַכן? ווייסט, דאָס ניט זעהן, מורד, זון פון אַ מורד.

חלקיה

האָסט מיר שוין איין מאָל אָנגעטאָן די שיינע קרוין, און איך האָב דיר שוין געדאַנקט. צו די סיקאַריער. איז קיינער מער ניטאָ אין הויז?

### איינער פון די סיקאַריער

זיי זיינען אַלע אין הויף, אַחוץ די.

### חלקיה

צו העלענאַן. ווער ביסטו?

### אַפּאָלאָניוס

זי איז מיין פרוי.

### חלקיה

ווער ביסטו, זיין דינסט אָדער זיין פרוי?

### העלענאַ

איך בין ביידע.

### חלקיה

פאַרבלייב זשע דאָ.

### העלענאַ

וואָס ווילסטו דען פון מיר?

### חלקיה

פאַרבלייב האָב איך געזאָגט. צו גמליאלן. רוף אַהער מנחמען, ער איז ביים טויער. גמליאל גייט אַרויס. דו געדיינקסט איידער מיין פאָטער איז געשטאָרבן, האָט ער עפּעס אָנגעזאָגט זיינע נאָכפאָלגער, די איינציגע ירושה, וואָס ער האָט איבערגע־לאָזט. ווילסטו אויך א צוואה מאַכן? דו שווייגסט, דו האָסט גאָרנישט. גוט. גמליאל און מנחם קומען אַריין. דו זעהסט, מנחם, איך האָב דיר דערציילט פון אים. ווען דו ביסט נאָך געווען אַ קינד, האָב איך דיר זיין פּנים אויסגעמאָלט, דו זאָלסט אים דערקענען, אַז וועסט אים טרעפן. איך האָב ניט געוואוסט, צי איך וועל דאָס דערלעבן. איך האָב דערלעבט. שטילער. פירט אים אַרויס. די סיקאַריער פירן אַרויס אַפּאָלאָניוסן. פאַרבלייב דאָ, מנחם, ביז איך וועל דיך רופן. קיינער זאָל פון הויז ניט אַרויס. גייט אַרויס.

### מנחם

איך וועל וואַרטן.

### העלענאַ

שטילערהייט צו מעדעאַן. איך האָב קיינמאָל ניט געזעהן אַזאַ פּנים, ווי פון שטאָל געגאָסן. וואָס פאַר אַ שרעקליכער מענטש ער מוז זיין.

### מעדעאַ

שאַ, רייד ניט, זיי וועלן הערן.

### העלענאַ

פאַר אים האָב איך מורא.

### מעדעאַ

ער זעהט אויס צו זיין אַ מאַן פון גערעכטיגקייט, ער האָט די קנעכט באַפרייט, ער וועט דיר ניט טון קיין שלעכטס.

מנחם

*צו די סיקאַריער.* די שפּייכלערס און די וויינקעלערס זיינען פול. לאָדט אָן אונ־ זערע פערד מיט פּראָוויאַנט. *די סיקאַריער גייען אַרויס. מנחם קוקט אַרויס דורך דער טיר, העלענאַ קוקט אים שווייגנדיג נאָך. מנחם קערט זיך צופעליג אום און דערזעהט זי, זיי קוקן זיך אַ רגע אָן, מנחם קוקט ווידער אַרויס און קערעוועט זיך נאָך אַמאָל אום צו איר. העלענאַ דרייט אַוועק איר קאָפּ.*

מנחם

ווער ביסטו? פאַרוואָס קערסטו אָפּ דיין פּנים פון מיר? איך וויל דיך זעהן. *גייט אָפּ אָן אַ זייט, כדי ער זאָל זי קאָנען בעסער זעהן.*

העלענאַ

גיי אַוועק, פרעמדער, איך וויל ניט, דו זאָלסט קוקן אויף מיר.

מנחם

דו ביסט שטאָלץ ביי זיך.

העלענאַ

יאָ, איך בין שטאָלץ.

מנחם

ביסטו אַ מלכה, וואָס דו באַפעלסט מיר?

העלענאַ

אפשר יאָ.

מנחם

וואו איז דיין מלוכה?

העלענאַ

איך וויל דיר ניט דערציילן.

מנחם

אפשר אין לאַנד שבא? דו זעהסט אויס ווי די מלכת־שבא. יא, זי האָט געמוזט אויסזעהן ווי דו.

העלענאַ

ווער איז זי?

מנחם

אַ שטאָלצע מלכה פון די מזרח־לענדער, וואָס האָט מיט איר שיינקייט און חכמה געפאַנגען דאָס האַרץ פון דעם קליגסטן. האָב קיין מורא ניט פאַר מיר, איך וועל דיר גאָרנישט ניט טון.

העלענאַ

איך האָב קיין מורא ניט פאַר דיר. איך האָב פאַר קיינעם קיין מורא ניט.

מנחם

דאָס איז גוט. ניט מורא האָבן פאַר קיינעם — דאָס איז שיין. פאַרוואָס אָבער זעה איך שרעק אין דיינע אויגן?

העלענאַ

דו האָסט פאַלש געזעהן.

מנחם

גייט צו נעהענטער. לאָז מיר זעהן דיינע אויגן, אפשר איז דאָס צער, ניט קיין מורא. מען זאָגט, די טעכטער פון מיין פאָטערלאַנד האָבן אַזעלכע אויגן ווי דו, איך קען זיי אָבער ניט. פליסט מיין פאָלקס בלוט אין דיינע אָדערן?

העלענאַ

איך געהער ניט צו דיין פאָלק.

מנחם

ווער זשע ביסטו?

העלענאַ

איך ווייס ניט.

מנחם

דו ווייסט ניט, ווער דיין פאָלק איז, ווער דיין גאָט איז?

העלענאַ

איך האָב ניט קיין פאָלק, איך האָב ניט קיין גאָט.

מנחם

האָב איך רחמנות אויף דיר.

העלענאַ

איך דאַרף ניט דיין רחמנות.

מנחם

האָב איך דיך באַליידיגט?

העלענאַ

ווי זענט איר זיך נוהג מיט געפאַנגענע? איר פאַרקויפט זיי?

מנחם

פאַרקויפן זיי? ווועמען?

העלענאַ

דאָס ווייסט איר בעסער.

מנחם

ביסטו דען אַ געפאַנגענע?

העלענאַ

מען האָט דאָך דיר באַפוילן, דו זאָלסט מיך היטן.

מנחם

און ביי אייך פאַרקויפט מען געפאַנגענע? איך וואָלט דיך אָפקויפן.

העלענאַ

דער שטאָלענער מענטש וועט זיך בייזערן אויף דיר. ער האָט דיר אָנגעזאָגט, דו זאָלסט מיך היטן און ניט ריידן מיט מיר.

מנחם

ווער?

העלענאַ

דיין הויפטמאַן.

מנחם

צעלאַכט זיך· ער איז ניט קיין שרעקליכער, מלכת־שבא· ער האָט אַ האַרץ פון גאָלד·

העלענאַ

איך ווייס ניט זיין האַרץ, אָבער זיין פנים איז האַרטער שטיין· איך וואָלט וועלן וויסן, וואָס מען וועט מיט מיר טון· אַפּאָלאָניוס האָט אים געזאָגט, איך בין זיין פרוי·

מנחם

שטורעם פון מדבר! ביסטו זיין פרוי?

העלענאַ

ס'איז ניט אמת, ער האָט מיך געצוואונגען, ער האָט מיך געקויפט·

מנחם

דער הונט!

העלענאַ

מען האָט מיך געבראַכט פון ווייט· איך ווייס ניט, וואו דאָס איז· ער האָט מיך געקויפט, איך בין זיין דינסט·

מנחם

די מלכת־שבא קאָן ניט זיין זיין ווייב· האָב קיין מורא ניט, קיינער וועט דיר קיין שלעכטס ניט טון·

העלענאַ

ביסטו זיכער? אָדער אפשר...

מנחם

אפשר וואָס?

העלענאַ

אפשר נאַרסטו מיך?

מנחם

די קינדער פון פרייען מדבר נאַרן קיינעם ניט·

העלענאַ

גוט, איך וועל דיר גלויבן, פרעמדער·

מנחם

דו וועסט נישט זיין אַנטוישט, מלכת־שבא·

העלענאַ

און אַז זיי וועלן מיך פאַרקויפן אָדער שלעכטס טון, וועסטו מיך שיצן קעגן זיי?

מנחם

יאָ, האָב קיין מורא ניט· עס הערן זיך קולות· מנחם קוקט אַרויס· באַלד וועט אַפּאָלאָניוס קריגן זיין שטראָף· האָסטו אים פיינט געהאַט?

העלענאַ

אַז איך וועל דיר זאָגן, אַז יאָ, וועסטו מיך ניט חושד זיין אין פאַלשקייט?

מנחם

אַז דו וועסט מיר זאָגן, אַז ניין, וועל איך דיר במילא נישט גלויבן·

הע ל ע נ אַ

פּאַרוואָס זשע פרעגסטו מיך?

מ נ ח ם

איך וויל עס הערן פון דיין מויל.

הע ל ע נ אַ

פּאַרוואָס?

מ נ ח ם

איך וויל אַזוי.

הע ל ע נ אַ

דו ביסט דער היטער, איך — די געפאַנגענע, אויב דו באַפעלסט, מוז איך פאָלגן.

מ נ ח ם

איך באַפעל ניט, איך בעט דיך, מלכּת־שבא.

הע ל ע נ אַ

איר וועט אים במילא טויטן.

מ נ ח ם

ער וועט אָבער שטאַרבן מיט אַן ערגערן טויט, אויב דו וועסט זאָגן, אַז דו האָסט אים פיינט געהאַט. איינס, אַלס מערדער פון מיין פאָטער...

הע ל ע נ אַ

דיין פאָטער אויך? דער מענטש פון שטאָל האָט דאָס זעלבע געזאָגט וועגן זיין פאָטער.

מ נ ח ם

ער איז מיין ברודער, מיין פאָטערס זון.

הע ל ע נ אַ

אַך, דאָס האָב איך ניט געוואוסט. ווערט אומעטיג.

מ נ ח ם

וואָס איז דיר?

הע ל ע נ אַ

איך טראַכט פון זיך אַליין. איך האָב קיינעם ניט...

מ נ ח ם

דו האָסט אַ מלוכה אין לאַנד שבא.

הע ל ע נ אַ

און איך ווייס ניט, וואו דאָס איז.

מ נ ח ם

איך וועל דיך פירן אַהין.

הע ל ע נ אַ

דו וועסט מיך באַלד פירן צום משפט, דיין ברודער וועט באַפוילן.

מ נ ח ם

ניין, דיך וועט מען ניט משפטן.

העלענאַ

ווער וועט ניט דערלאָזן?

מנחם

איך.

העלענאַ

און אַז ער וועט באַפוילן?

מנחם

וועל איך ניט פאָלגן.

העלענאַ

איך גלויב עס ניט.

מנחם

וועל איך דיר באַווייזן, מלכת־שבא.

מעדעאַ

מען גייט. גמליאל קומט אַריין.

גמליאל

קום, מנחם, חלקיה רופט. דער משפט הויבט זיך אָן.

מנחם

איך היט די געפאַנגענע.

גמליאל

די געפאַנגענע גייט אויך.

מנחם

צו וואָס?

גמליאל

אַפּאָלאָניוס האָט געזאָגט, אַז זי איז זיין פרוי. לויט אונזערע חוקים מוז זי ווערן געמשפט צוזאַמען מיט אים.

מנחם

זי איז ניט זיין פרוי, זי איז זיין דינסט.

גמליאל

דאָס קאָן זי דאָרטן זאָגן.

מנחם

אָבער זי איז ניט שולדיג אין קיין שום זאַך.

גמליאל

איך באַשולדיג זי ניט. זאָל זי קומען פאַרן פאָלק, און אויב זי איז ניט שולדיג, וועט זי פריי זיין.

העלענאַ

האָט אייער הויפּטמאַן אַזוי באַפוילן?

גמליאל

אַזוי האָט ער באַפוילן.

העלענאַ

איך הער דעם באַפֿעל פֿון מיין היטער. היטער, זאָל איך גיין?

מנחם

וואַרט דאָ, גמליאל, ביז איך קום צוריק. איך וועל ריידן מיט מיין ברודער.

גמליאל

איך וועל וואַרטן, קום באַלד צוריק. מנחם גייט אַרויס.

מעדעאַ

פֿון וויסטן מדבר, פֿון אומבאַוואוינטע בערג קומט די ישועה.

העלענאַ

נאָך מער האָסטו געזעהן, איצט גלויב איך אַלץ.

מעדעאַ

מער ווי דו מיינסט, האָב איך געזעהן. איך האָב ניט געוואַגט צו זאָגן, איך האָב אַליין ניט געגלויבט.

העלענאַ

וואָס נאָך? דערציילי, איז דאָס אַן אָנהויב פֿון אַ ניי לעבן? איך האָב אים ליב, דאָס אומשולדיגע יינגל. ער האָט מיך פֿאַרגליכן צו אַ מלכּה. און אפשר בין איך אַ מלכּס טאָכטער? וועט ער מיך פֿירן אין דער ווייטער מלוכה מיינער?

מעדעאַ

איך גלויב אין דער ישועה. מנחם קומט אַריין.

גמליאל

נו, וואָס האָט ער געזאָגט?

מנחם

ער האָט באַפֿוילן, די געפֿאַנגענע זאָל קומען.

העלענאַ

און די געפֿאַנגענע פֿאָלגט.

מנחם

גיי, גמליאל, מיר קומען נאָך.

גמליאל

פֿאַרליר קיין צייט ניט. גייט אַרויס.

העלענאַ

אַז דער עלטערער ברודער האָט באַפֿוילן, מוז דער יינגערער פֿאָלגן. ווער גייט פֿריהער, די געפֿאַנגענע אָדער דער היטער?

מנחם

די געפֿאַנגענע גייט שטענדיג פֿריהער, דער היטער גייט איר נאָך. העלענאַ גייט. גיי ניט אַהער, דאָ וועסטו געמשפּט ווערן, דאָ האָסטו פֿאַר זיך דעם צאָרן פֿון אַ פֿאָלק.

העלענאַ

וואוהין דען זאָל איך גיין?

מנחם

דאָ איז נאָך אַ טיר, די פירט צו פרייהייט.

העלענאַ

די פירט אין וויסטן מדבר.

מנחם

וואו דו וועסט זיין, איז אַ בליהענדער גן־עדן. דו האָסט מיך פאַרכשפט, מלכה פון ווייטע און אומבאַוואוסטע לענדער, צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן טרעט איך איבער מיין ברודערס באַפעל.

העלענאַ

ווי וואַגסטו דאָס?

מנחם

ווייל דו פאַרמאָגסט עפּעס, וואָס וועגט אַריבער אַלץ. אפשר טו איך אומרעכט, אָבער דו האָסט מיך געבונדן. גיי, מלכת־שבא, דיין היטער גייט דיר נאָך. העלענאַ קוקט זיך איבער מיט מעדעאַן און ביידע גייען אַרויס. מנחם טוט אַ קוק אַרויס, שטייט אַ רגע און גייט געשווינד נאָך. פּויזע. חלקיה און גמליאל קומען אַריין.

חלקיה

וואו זיינען זיי?

גמליאל

אָט דאָ זיינען זיי איצט געוועזן, איך האָב מיט זיי גערעדט.

חלקיה

רוחות פון טמאה! דאָס איז אוממעגליך.

גמליאל

טראַכטן מיר ביידע פון איין זאַך?

חלקיה

דאָס איז אוממעגליך, דאָס טאָר ניט זיין.

גמליאל

זי איז שיין, און ער איז יונג...

חלקיה

בשום אופן ניט. יאָג זיי נאָך די רגע.

גמליאל

איך גיי, זיי זיינען מסתמא נאָהענט.

חלקיה

זאָג אים, אַז שוין זאָל ער קומען צוריק. יהודה הגליליס זון טאָר ניט פאַלן פאַר דעם כשוף פון אַפּאָלאָניוסעס קעבסווייב. גמליאל גייט. לילית! גייט אויך אַרויס.

פאָרהאַנג

אין דעם לאַגער פון די סיקאַריער. חלקיה קומט אָן מיט אַ גרופּע.

ערשטער סיקאַריער

אָן דאָרטן זעהען זיך די שפּיצן פון גלילס בערג.

צווייטער סיקאַריער

מיר האָבן אַלע געמיינט, אַז איצט גייען מיר שוין אַהין.

חלקיה

נאָך ניט.

ערשטער סיקאַריער

אָ, ס׳בייַנקט זיך אַזוי נאָך די ליבע בערג און טאָלן.

חלקיה

די, וואָס בייַנקען נאָך בערג און טאָלן, וויסן דעם וועג אַהין. אַזוי גיך, ווי די זון גייט אונטער, גייען מיר ווייטער.

צווייטער סיקאַריער

וואוהין ?

חלקיה

מיר געפינען זיך אויפן גרויסן קאַראַוואַנען־וועג. די קלאַנגען פון אַפּאָלאָניוסעס טויט וועלן זיך גיך פאַרשפּרייטן. די רוימער זוכן אונז און זיי וועלן וויסן, וואו אונז צו געפינען. אַפּאָלאָניוסעס באַפרייטע קנעכט וועלן אָנווייזן, וואו מיר זייַנען.

צווייטער סיקאַריער

זאָלן זיי קומען.

חלקיה

איר ווייסט אַליין, אַז קעגן רוימישע לעגיאָנען קאָנען מיר זיך דערווייל ניט שטעלן.

צווייטער סיקאַריער

אָבער ווען וועט שוין קומען די צייט ?

חלקיה

די צייט וועט קומען.

ערשטער סיקאַריער

איצט, אַז מיר זיינען שוין אַזוי נאָהענט, האָבן מיר אַלע געמיינט, אַז מיר גייען שוין אַריבער דעם ירדן.

חלקיה

אומגעדולד און ביינקשאַפט וועלן אונז מאַכן שוואַכער און ניט שטאַרקער. מיר מוזן וואַרטן. גייט גרייט זיך צו, מיר גייען באַלד. די סיקאַריער גייען אַרויס. חלקיה קוקט אין דער ריכטונג, וואו עס זעהען זיך די בערג. גמליאל קומט אַריין. לסוף ביסטו געקומען. וואו איז ער?

גמליאל

ער קומט, ער וועט באַלד זיין.

חלקיה

וואָס באַטייט דאָס? פאַרוואָס איז ער ניט געקומען צוזאַמען מיט דיר?

גמליאל

איך ווייס ניט, אַזוי וויל ער.

חלקיה

מאָדנע. קוקט אַרויס.

גמליאל

דו קוקסט אַהין, חלקיה. איך האָב אויך דערקענט די געגנט.

חלקיה

קערט זיך האַסטיג אום. איך האָב געטאָן אַ נאַרישקייט, וואָס איך האָב אים איבער־געלאָזט אַליין מיט דער פרוי.

גמליאל

שאָקלט מיטן קאָפּ. מיר דוכט אויך אַזוי.

חלקיה

אויב ער קאָן ניט ביישטיין ווייבער־חן און פאַרלירט דעם וועג צוליב זיי, איז ער ניט קיין פרייהייטס־מאַן.

גמליאל

איז אַפּאָלאָניוס טויט?

חלקיה

יאָ.

גמליאל

וואָס וועלן מיר איצט טון? חלקיה שווייגט. דו האָסט געזאָלט שיקן שלוחים אַהיים זעהן, וואָס דאָרטן קומט איצט פאָר. מיר האָבן שוין לאַנג ניט געהאַט קיין ידיעה.

חלקיה

איך האָב גערעכנט שיקן מנחמען אַהין. ער האָט מיר פאַרשאַפט איצט גרויס צער. די ערשטע פּראָבע אפילו האָט ער ניט אויסגעהאַלטן.

ג מ ל י א ל

פאַרגעס ניט, אַז ער איז יונג.

ח ל ק י ה

יאָרן האָט ער געלעבט מיט דעם געדאַנק צו קומען פנים אל פנים מיט זיין פאָטערס מערדער, און ווען די צייט איז געקומען, איז ער דערביי ניט געווען, אַנטלאָפן מיט דעם מערדערס קעבסווייב.

ג מ ל י א ל

באַלד וועט ער קומען. *חלקיה קערט זיך אַוועק און שווייגט.* ביז אַפּאָלאָניוס האָט דאָס געזאָגט, האָב איך גאָרניט באַמערקט דיין גרויסע ענליכקייט צו דיין פאָטער. אַז איך הער דיך ריידן, קומט מיר אויפן זכרון זיין קול אפילו. דו געדיינקסט זיינע לעצטע ווערטער? *חלקיה שווייגט.* „דער פרייהייטס־גייסט, ער וואַקסט פון דור צו דור ביז ער ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ שטראָם, וואָס שפריצט מיט פייער".

ח ל ק י ה

מיין האַרץ איז איצט רוהיג. יאָרן און יאָרן האָב איך אים געזוכט. עס שיינט פונקט, ווי גאָט וואָלט אים געשיקט אַהער אין מדבר, איך זאָל קאָנען לייגן מיין האַנט אויף אים.

ג מ ל י א ל

דיין פאָטערס בלוט איז אויסגעלייזט. איך געדיינק יענעם טאָג, ווען דו ביסט געשטאַנען ביים קרייץ מיט דעם קינד מנחם אויף דיינע אָרעמס...

ח ל ק י ה

פאַרוואָס פאַרזאַמט ער זיך?

ג מ ל י א ל

אָט איז ער. *מנחם קומט אַריין, ער בלייבט שטיין פון הייטן.*

ח ל ק י ה

קום אַהער, מנחם. *מנחם קומט נעהענטער.* וואו ביסטו געווען ביז איצט? *מנחם שווייגט.* איך האָב דיך געלאָזט היטן אַ געפאַנגענע, וואו איז זי? *מנחם שווייגט.* האָסטו ניט וואָס צו ענטפערן?

מ נ ח ם

יאָ.

ח ל ק י ה

פאַרוואָס שווייגסטו?

מ נ ח ם

איך טראַכט ווי אַזוי דאָס צו זאָגן, איך בין ניט געלערנט אין ווערטער.

ח ל ק י ה

לויט אונזערע חוקים איז דער היטער פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם געפאַנגענעם.

מ נ ח ם

איך ווייס.

חלקיה

און די שטראָף, וואָס קומט דעם געפאַנגענעם, פאַלט אויף דעם היטער.

מנחם

דאָס ווייס איך אויך.

חלקיה

וואָס מיינסטו וועט איצט זיין?

מנחם

דו ביסט דער פירער, ווי דו וועסט באַשטימען, אַזוי וועט זיין.

חלקיה

אָדער האָסטו געמיינט, אַז ווייל דו ביסט מיין ברודער, וועסטו געשווינד ווערן און וועסט באַקומען הנחות?

מנחם

איך בעט ניט קיין הנחות. איך בין געקומען אויסהערן דיין משפט און אָננעמען די שטראָף.

חלקיה

וואו איז די געפאַנגענע?

מנחם

דאָס קאָן איך ניט זאָגן.

חלקיה

שטרייננג. מנחם!

מנחם

זיי מיר מוחל, פירער, איך קאָן דיר דאָס ניט זאָגן, איך האָב געשוואָרן.

חלקיה

געשוואָרן?

מנחם

איך האָב געשוואָרן, זי וועט פריי זיין.

חלקיה

דו? דו? מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָסטו דאָס געטאָן?

מנחם

ווייל איך האָב געגלויבט, אַזוי איז ריכטיג.

חלקיה

ריכטיג צו שיצן דיין פאָטערס מערדערס ווייב קעגן אונז, דיינע ברידער.

מנחם

זי איז זיין דינסט, ניט זיין ווייב.

חלקיה

דו האָסט פאַרשעמט דעם זכרון פון דיין פאָטער, דו האָסט פאַרשעמט מיך, דיין עלטערן ברודער.

מנחם

איך האָב דאָס ניט געטאָן, איך...

חלקיה

באַשטראָפן קאָן איך נאָר פאַרן ברעכן די געזעצן פון דער מחנה, אָבער פאַרן גרויסן בזיון איז ניטאָ קיין שטראָף.

מנחם

חלקיה, מיין ברודער...

חלקיה

גענוג. איך האָב דיך גערופן, דו ביסט געקומען. איך האָב געוואָלט אַ תשובה, איך האָב געקראָגן. קערט זיך אָפּ.

מנחם

חלקיה, שטויס מיך ניט אָפּ פון זיך.

חלקיה

דו ביסט אַליין אַראָפּ פון דעם וועג, אויף וואָסערן איך האָב דיך געפירט.

מנחם

איך שטיי אויף דעם זעלבן וועג, הער מיך אויס.

חלקיה

איך האָב געהערט גענוג. דו האָסט געבראָכן אונזערע חוקים, דו קאָנסט דאָ מער ניט פאַרבלייבן. ווילסטו פאַרבלייבן, ברייננג אַהער די געפאַנגענע.

מנחם

איך וויל ניט ריידן צו דעם פירער פון דער מחנה, איך וויל ריידן צו מיין ברודער.

חלקיה

דיין ברודער שטייט פאַרשעמט פאַר דעם זכרון פון דיין פאָטער.

מנחם

דו האָסט דערציילט מיר פון אַ פאָטער, וועמען איך געדיינק ניט, פון אַ פאָלק, וואָס איך ווייס ניט, פון אַ לאַנד, וואָס איך האָב ניט געזעהן. איך האָב תמיד געטראַכט מיט ליבשאַפט פון די אַלע דריי, אָבער נאָך עפּעס וויל איך.

חלקיה

פאַר דיר ליגט דער וועג, וואָס פירט צו די אַלע דריי.

מנחם

דאָס איז דער מאָרגן, דער ווייטער מאָרגן אפשר. וואו איז אָבער דער היינט?

חלקיה

דער היינט איז דאָס, וואָס פאַרבינדט דעם נעכטן מיט דעם מאָרגן.

מנחם

חלקיה, מיין ברודער. איך ווייס ניט ווי אַזוי, אָבער אַן אַנדער היינט האָט זיך אַריינגעשניטן אין מיין וועג.

חלקיה

אונזער טיר איז שטענדיג אָפן פאַר די, וואָס ווילן גיין און קומען.

מנחם

העלף מיר זיך פונאַנדערקלייבן אין אַלץ, וואָס פלאָנטערט זיך אין מיין נשמה. דער היינט פאַרלייקנט ניט דעם נעכטן און איז ניט סותר דעם מאָרגן.

חלקיה

גיי אַוועק, יינגל, דו ביסט פאַרכשופט דורך אַ שוואַרצער קראַפט, איך דערקען דיך ניט.

מנחם

ניט קיין שוואַרצע קראַפט, נאָר אַ ליבע זיסע וועלט, פון וואָס איך האָב ביז היינט ניט געוואוסט. און ווער זאָל מיר העלפן געפינען זיך אַליין, אויב ניט דו?

חלקיה

איך האָב דיר געוויזן דיין וועג, גיי אָדער ניט — דאָס איז דיין זאַך.

מנחם

פאַרוואָס ווילסטו מיך ניט פאַרשטיין?

חלקיה

די, וואָס גייען אין די וועגן פון שמשון, די פירן אויס ווי שמשון.

מנחם

ביסטו תמיד זיכער געגאַנגען אויף דיין וועג? האָסטו קיינמאָל קיין אַנדערע פאַרלאַנגען ניט געהאַט?

חלקיה

ווען אַ פרעמד געפיל האָט זיך צו מיר פאַרגנבעט, האָב איך עס אויסגעריסן פון מיין האַרצן, איידער עס האָט באַוויזן צו וואַקסן.

מנחם

און צוויי געפילן מיט איין מאָל — צוויי וועלטן, וואָס זאָלן לעבן צוזאַמען אין איין נשמה?

חלקיה

איינס אָדער דאָס אַנדערע, קלייב, וואָס דו ווילסט.

מנחם

פאַרוואָס לייגסטו זיי ביידע אויפן וואָגשאָל? ווי קאָן איך קלייבן צווישן צוויי קוואַלן, פון וואַנען איך ציה מיין היות?

חלקיה

ווייל נאָר איינס פון זיי וועסטו קריגן.

מנחם

זינט מיין קינדהייט האָב איך פאַרבראַכט דאָ אין דעם ברייטן סופלאָזן מדבר מיט דיר, אונטער דער השפעה פון דיין לערע. הן דער מדבר, הן דיין לערע רוהען איצט טיף אין מיין נשמה. איך וויל זיין פריי. גיב מיר איין שטראַל פרייהייט, לערער פון פרייהייט. דו ווילסט דאָך זעהן אַ נייעם דור פריי פון יאָך, פון קנעכטשאַפט און באַגרעניצקייט. אַ דור, וואָס בויגט זיך ניט פאַר קיינעם און פאָדערט מיט שטאָלץ, וואָס אים געהערט. איך פאָדער פון דיר זיך אַליין, אַ טייל פון זיך.

חלקיה

איך האַלט דיך ניט צו, קאָנסט גיין.

מנחם

דו האַלסט מיט זיך מיין לעבן, דו האַלסט די חלומות פון מיין יוגנט.

חלקיה

און די חלומות פון דיין יוגנט זיינען דאָך ניט אַזוי וויכטיג פאַר דיר ווי אַפּאָלאָ־ניוסעס קעבסווייב. גיי צו איר, יהודה הגליליס זון.

מנחם

חלקיה, לערער, פירער . . .

חלקיה

דו זוכסט דאָך אַ נייע וועלט, וואָס דו האָסט ביז היינט ניט געוואוסט. גיי צו איר, גיי צו איר לאַנד און פאָלק, דאָרטן וועסטו זעהן אַ נייע וועלט. מיר האָבן נאָר אַ נעכטן, נאָר אַ מאָרגן, אָבער ניט קיין היינט. פאַרוואָס שטייסטו אויפן שייד־וועג און ווייסט ניט וואָסערן וועג צו קלייבן?

מנחם

דו פאָדערסט מיין גאַנצע נשמה און וואָס גיסטו מיר דערפאַר? אַ פאָטער, וואָס איז טויט, און אַ פאָלק, וואָס איך קען ניט.

חלקיה

גענוג!

מנחם

ניין, אפשר האָב איך שלעכט גערעדט.

חלקיה

גיי. וואַרט אַ רגע, דערנאָך חזרט ער איבער. גיי!

מנחם

פירער, איך פאָלג. גייט אָפּ עטליכע טריט. ווען דער טאָג פון קאַמף וועט קומען, וועל איך באַווייזן, אַז צוויי וועלטן קאָנען לעבן אין איין נשמה און שפייזן איינע די אַנדערע. זיי געזונט, גמליאל.

גמליאל

גיי אין פריד, מנחם, דו ביסט מיר ליב.

מנחם

דערמאָנט מיך ניט צום שלעכטן. מען הייסט מיר גיין, מוז איך פאָלגן, אָבער איך פאַרלאָז אייך מיט אַ ברכה אין מיין האַרצן. גייט אַרויס.

חלקיה

ער בענטשט מיט די ליפּן און לעסטערט מיט די מעשים.

גמליאל

דו ביסט צו שטרייִנג צו אים, ער מיינט קיין שלעכטס ניט.

חלקיה

איך האָב געטאָן, וואָס איך האָב געטאָן.

גמליאל

איך גיב דיר ניט קיין עצות, נאָר באַטראַכט זיין יוגנט. דאָס איז מכפּר אַלץ.

חלקיה

דאָס איז ניט אמת. ווער עס גייט ניט אויף דעם אמתן וועג אין דער יוגנט, וועט אויף דער עלטער דאָס געוויס ניט טון. און וואָס טויג דער אמת אויף דער עלטער? אַלץ מוז דערשטיקט ווערן אין דעם גרויסן באַגער. ווער ס'קאָן דאָס ניט טון, דער איז ניט ראוי צו שטיין מיט אונז. איך האָב אים געטראָגן אויף מיינע אָרעמס, ווי אַ מוטער; איך האָב אים געלערנט און צוגעגרייט פאַר עפּעס און אַלץ איז צעבראָכן געוואָרן, קוים האָט ער געטראָפן דלילהן. ניטאָ קיין זאַך, געבליבן נאָר אַ פּאָטער, וואָס איז טויט, און אַ פּאָלק, וואָס ער קען ניט.

גמליאל

האָסט אים דאָך ניט געדאַרפט אָפּשטויסן, האָסט אים געדאַרפט לערנען מיט ליבשאַפט.

חלקיה

די זון שטייט שוין נידעריג. מיר גייען. גייט אַרויס. אַ סיקאַריער קומט אַריין.

סיקאַריער

אַ פרעמדער איז געקומען אין לאַגער.

גמליאל

וואָס וויל ער?

סיקאַריער

ער וויל ריידן מיטן פירער.

גמליאל

דו ווייסט ניט ווער ער איז?

סיקאַריער

ער איז אַ זון פון אונזער פאָלק.

גמליאל

דאָס איז גאָרניט.

סיקאַריער

מיר האָבן אים געגעבן עסן, מיר האָבן געמיינט, ס'איז אַ פאַרבייגייער. ער וויל ריידן מיט חלקיהן.

גמליאל

שיק אים אַריין. דער סיקאַריער גייט אַרויס.

חלקיה

קומט אַריין. מיר וועלן באַלד גיין. די מחנה מאַכט זיך גרייט.

גמליאל

אַ פרעמדער איז געקומען, ער וויל ריידן מיט דיר.

חלקיה

אַ פרעמדער? דו זעהסט, מען ווייסט שוין, וואו מיר זיינען. שמעי קומט אַריין. ווי אַזוי האָסטו אויסגעפונען, וואו אונזער לאַגער איז?

שמעי

מיך האָט געפירט צו דיר דער גרויסער רצון.

חלקיה

וואָס ווילסטו ? וואָס זוכסטו ?

שמעי

רוהי

חלקיה

גיי ווייטער, ברודער, ביי אונז איז ניטאָ קיין רוהי

שמעי

איך זוך די רוהי, וואָס קומט נאָך דעם גרויסן קאַמף.

חלקיה

פון וואַנען קומסטו ?

שמעי

פון יענער זייט ירדן, פירער.

חלקיה

אויף יענער זייט ירדן איז אונזער נאָמען אַ זידל־וואָרט. די לערער און די כהנים זיי רופן אונז פאַרדאַרבער.

שמעי

אחאב האָט גערופן אליהון פאַרדאַרבער.

חלקיה

דאָס איז ריכטיג.

שמעי

פאַר אַ גרויסן טייל פון פאָלק איז דיין נאָמען ניט קיין זידל־וואָרט, דער יונגער דור פאַרבינדט דיין נאָמען מיט דער אויסלייזונג פון פאָלק. איך בין געקומען דיר זאָגן, אַז דיין נאָמען איז דער סימן פון קאַמף פאַר אונז. אין היילן פאַרשטעקט, אין בערג פאַרבאָרגן איז דיין נאָמען גואל.

חלקיה

דו רעדסט שיין, פרעמדער, אָבער גאולה איז נאָך ווייט.

שמעי

ווייל עס איז קיינער ניטאָ אין לאַנד, ווער ס'זאָל אונז פירן. ס'פעלט דאָס גרויסע ליכט, וואָס זאָל אונז דעם וועג באַלייכטן, דאָס ליכט קומט ניט פון בית־המקדש, און די חכמים ווייסן ניט פון אים.

חלקיה

זיי ווייסן דאָך אַלץ, זיי ווייסן אפילו דעם ווילן פון גאָט.

שמעי

אַזוי פיל טראַכטן זיי פון גאָט, אַז זיי האָבן אָן גאָטס פאָלק פאַרגעסן.

חלקיה

דו געפעלסט מיר, פרעמדער, דיין פלאַץ דאַרף זיין מיט אונז.

שמעי

פאַרקערט, גרויסער פירער, דיין פלאַץ דאַרף זיין מיט אונז אויף יענער זייט.

חלקיה

ביים בית־המקדש, ביי די חכמים, ביי די כהנים ?

שמעי

ביים פאָלק.

חלקיה

ביים פאָלק, וואָס טראָגט זיי תּרומות און מעשר. ביים פאָלק, וואָס בוקט זיך פאַר זיי און לעקט דעם שטויב פון זייערע פיס?

שמעי

ביים פאָלק, אין וועמעס האַרץ עס ברענט די גרויסע לוסט צו פרייהייט.

חלקיה

די גאולה וועט קומען דעמאָלט, ווען דאָס פאָלק וועט טראָגן שווערדן אָנשטאָט מעשר, ווען דאָס פאָלק וועט פאַרשטיין, אַז דער שונא פון ירושלים איז ערגער ווי די לעגיאָנען פון רוים.

שמעי

אָט בין איך געקומען זאָגן דיר, אַז דאָס פאָלק האַלט ביים עפענען זיינע אויגן, איין פונק און דאָס פייער וועט ברענען. אַ דור איז אויפגעשטאַנען, וואָס טראָגט די לערע פון דיין גרויסן פאָטער אין זיין האַרצן. און ווער זאָל פאַרוואַנדלען דיין פאָטערס לערע אין מעשים, אויב ניט דו, זיין גרויסער זון?

חלקיה

איך וועל ניט בלייבן שטיין אין מיטן וועג. ירושלים און רוים, זיי זיינען ביידע מיר גלייך פיינטליך. דער חילוק צווישן מעשר און צינז איז נאָר אין נאָמען.

שמעי

איך ברענג צו דיר דאָס קול פון מיין דור. מען האָט מיך געשיקט צו דיר דיך פרעגן, צי דו וועסט קומען.

חלקיה

ווער האָט דיך געשיקט?

שמעי

איינער, וועמען דו קענסט, מיט וועמען דו האָסט פאַרבראַכט דיין קינדהייט ביי דיין פאָטערס פיס, יוחנן פון גוש־חלב.

חלקיה

איך געדיינק אים גוט, מיין פאָטער האָט אים ליב געהאַט. מיר איז ער געווען ווי אַ ברודער. וואָס מאַכט ער?

שמעי

ער איז געטריי דער לערע פון דיין פאָטער.

חלקיה

עפעס האָט געמוזט פאַסירן אין לאַנד, זינט מיר זיינען אַוועק פון דאָרטן. איז עס מעגליך, גמליאל, אַז די צייט, די לאַנג געגאַרטע צייט איז געקומען?

שמעי

און ער שיקט דיר אַ צייכן, ווען דו זאָלסט קומען. יעדן אָוונט קוק אין מערב זייט, און ווען דו וועסט זעהן דריי פייערן אין די שפּיצן פון די בערג, זאָלסטו פאַרשטיין . . .

חלקיה

יעדן אָוונט? איז עס אַזוי נאָהענט?

שמעי

ניט נאָר דער טאָג, אפילו די שעה איז נאָהענט.

גמליאל

האָסטו געבראַכט אַ ראיה, אַז דיינע ווערטער זיינען אמת?

חלקיה

יאָ, דו ביסט גערעכט, גמליאל. האָסטו אַ בריוו געבראַכט?

שמעי

איך האָב עפּעס געבראַכט. ווען יהודה הגלילי איז געשטאָרבן, האָט יוחנן אַ לאָק פון זיינע האָר אָפּגעשוירן. ער שיקט דיר דאָס אַלס אַ ראיה צו מיינע רייד. דערלאַנגט אים.

חלקיה

נעמט עס צו. דאָס איינציגע ערדישע, וואָס איז פאַרבליבן פון אים. דיינע ווערטער ווערן איצט מקוים. דיין גייסט לעבט, ער וועט אייביג לעבן, ער וועט וואַקסן פון דור צו דור. וואויל איז צו די, וואָס וועלן דאָס דערלעבן.

שמעי

וואָס זאָל איך אים ענטפערן?

חלקיה

זאָג אים, אַז איך האָב געהערט און פאַרשטיי. זאָג אים, אַז איך וואַרט אויף זיין צייכן און איך גיי . . .

שמעי

איך וועל ניט ריידן מער.

חלקיה

גיב מיר דיין האַנט. זיי געבן זיך די הענט. דו האָסט מיר געבראַכט עפּעס, פון וואָס איך האָב געחלומט, אָבער איך האָב דאָס ניט געהאָפט צו זעהן.

שמעי

און איך טראָג מיט זיך צוריק די בשורה, די אמונה אין דעם גרויסן מאָרגן.

גמליאל

זאָל עמיצער דיך באַגלייטן, יונגער ברודער?

שמעי

דער וועג איז מיר באַקאַנט און מיין האַרץ איז שטאַרק.

חלקיה

גיי בשלום. אויב דיין דור איז אַזוי ווי דו, איז וואויל דעם פאָלק, וואָס האָט אַזאַ דור.

שמעי

פריד אויף אייך. גייט אַרויס.

גמליאל

וואָס זאָגסטו איצט, חלקיה? דער טאָג קומט אָן, דער חלום ווערט מקוים. חלקיה גייט אָפּ אָן אַ זייט און פאַרטראַכט זיך. וואָס איז דיר?

חלקיה

איך טראַכט, אויב דער נוקם קאָן זיין דער גואל.

גמליאל

דער נוקם אין צער, דער גואל אין פרייד.

חלקיה

אַ טיפער גראָבן ליגט צווישן זיי ביידע און מיינע האָר זיינען שוין גרוי.

גמליאל

דיין גייסט קאָן אויפלעבן שטיינער, און דו רעדסט פון אַלטקייט.

חלקיה

פאַר דעם טאָג האָב איך אויפגעצויגן מנחמען און ער איז ניטאָ.

גמליאל

רוף אים צוריק.

חלקיה

ער איז דאָך פריי געוואַקסן, ער האָט פון קיין צער ניט געוואוסט, ער שטייט אָבער ניט צוזאַמען מיט מיר.

גמליאל

רוף אים צוריק, חלקיה, ער וועט קומען.

חלקיה

אין וואָס פאַר אַ זייט איז ער געגאַנגען?

גמליאל

צו צפון.

חלקיה

איך וועל נאָך איין מאָל פרובירן. איך דאַרף אים האָבן, ער פאַרמאָגט, וואָס איך האָב ניט, ער איז יונג.

גמליאל

איך וועל אים ברייגען צו דיר.

חלקיה

בלייב דו אין לאַגער, איך וועל גיין אַליין.

גמליאל

ער איז געגאַנגען צופוס, אויף אַ פערד וועסטו אים שנעל אָניאָגן.

חלקיה

זעה, אַלץ זאָל זיין גרייט. דערצייל די ברידער. גייט אָפּ איינינגע־טריט. נעם ניט אַראָפּ די אויגן פון מערב זייט, געדיינק דריי פייערן. גייט אַרויס.

גמליאל

זיי זיכער, חלקיה, טאָמער זעה איך זיי, בין איך גלייך הינטער דיר.

פּאָרהאַנג

העלענאַ

ס׳איז שוין נאַכט׳ די שטערן קוקן שוין אַרויס׳ מעדעאַ ענטפערט ניט׳ דו שלאָפסט?

מעדעאַ

ניין׳

העלענאַ

פאַרוואָס שווייגסטו? דו האָסט אַ וואָרט ניט געזאָגט׳

מעדעאַ

איך וויל ניט ריידן׳

העלענאַ

וואָס איז דיר?

מעדעאַ

איך האָב מורא פאַרן אָרט׳

העלענאַ

דו ביסט פלוצים נאַריש געוואָרן׳ ווייסטו פון אַ בעסער אָרט?

מעדעאַ

ווען איך וואָלט געוואוסט׳ וואָלטן מיר דאָ ניט געזעסן ביז אַהער׳

העלענאַ

פאַרוואָס האָסטו מורא?

מעדעאַ

איך ווייס ניט׳

העלענאַ

קיין בעסער אָרט ווי דאָ וועלן מיר אין ערגעץ ניט געפינען׳ דאָ וועלן מיר וואַרטן׳

מעדעאַ

ביז וואַנען?

העלענאַ

ביז ער וועט קומען׳

מעדעאַ

ער האָט ניט צוגעזאָגט צו קומען׳

העלענאַ

אָבער ער וועט קומען׳ מעדעאַ טוט אַ שטילן זיפץ׳ די ערשטע נאַכט פון מיין פרייהייט׳ די נאַכט׳ פון וואָס איך האָב אַזוי לאַנג געחלומט׳ און דו ווילסט אָנוואַרפן אויף מיר אַ מורא׳

מעדעאַ

איך וויל׳ דו זאָלסט גליקליך זיין׳ מיין טאָכטער׳ אָבער עפּעס זאָגט מיר׳ אַז דער פּלאַץ איז נים זיכער׳

העלענאַ

אין היינטיגער נאַכט איז אומעטום זיכער׳ שמייכל׳ מעדעאַ׳ איך וויל אָנשפּאַרן מיין קאָפּ אָן דיר׳ איך בין מיד׳ דערציייל מיר עפּעס. שפּאַרט זיך אָן איר׳

מעדעאַ

באַלד וועט דער מדבר אָנהויבן זיין נאַכט־זמר׳ די שאַקאַלן . . .

העלענאַ

די געטער וועלן פאַרשטומען זייערע קולות היינטיגע נאכט׳ איך טראַכט פון גליק און ניט פון טרויער׳ לייען דיינע צייכנס און זאָג מיר׳ וואָס דו זעהסט׳ מעדעאַ ענטפערט ניט׳ נו?

מעדעאַ

מיינע אויגן זיינען אַלט׳ זיי זעהען ניט דורך דעם חושך׳ שווייגט אַ ווײַלע׳ די נאַכט וועט אַנטפּלעקן דעם סוד׳

העלענאַ

באַלד וועט די לבנה אַרויסקומען׳ עס וועט ליכטיג ווערן׳ איך האָב פיינט חושך׳

מעדעאַ

ווי לאַנג וועלן מיר דאָ וואַרטן?

העלענאַ

איך האָב דיר שוין געזאָגט׳ ביז ער וועט קומען׳

מעדעאַ

און אַז ער וועט קיינמאָל ניט קומען?

העלענאַ

דו קאָנסט אַוועקגיין׳ אויב דו ווילסט׳

מעדעאַ

איך וועל דיך ניט לאָזן אַליין׳

העלענאַ

ער האָט צוגעזאָגט מיך צו פירן אין אַ ווייטער מדינה צו געפינען מיין מלוכה׳

מעדעאַ

ער האָט געשפּאַסט׳ קינד מיינס׳

העלענאַ

די מלוכה איז שוין אויסגעבויט אין מיין דמיון׳ ער מוז האַלטן זיין הבטחה׳

מעדעאַ

און אַז ניט?

העלענאַ

וועל איך אים אויפזוכן׳

מעדעאַ

אין זיין לאַגער, ביי דער מחנה?

העלענאַ

יאָ.

מעדעאַ

געדיינק אָן זיין ברודער.

העלענאַ

הלואי וואָלט איך אָן אים געקאָנט פאַרגעסן. טוט אַ שוידער. פאַר אים האָב איך מורא. ווי האָט ער געזאָגט, הייסט מיין מלוכה?

מעדעאַ

איך געדיינק ניט, טאָכטער מיינע.

העלענאַ

דו וועסט זיין די מאַמע פון אַ מלכּה...

מעדעאַ

מען וועט ניט גלויבן, דו ביסט שיין, און איך בין מאוס.

העלענאַ

בין איך טאַקע אַ שיינע? נעמט זי אַרום. דערציייל מיר, ווי זעה איך אויס?

מעדעאַ

ווי די מלכּה פון חלום־לאַנד.

העלענאַ

חלום־לאַנד? ניין, דאָס איז ניט די מלוכה, וואָס ער האָט מיר צוגעזאָגט. זיין מלוכה איז נאָך שענער פון חלום־לאַנד. עס הערט זיך, ווי מען רופט. מען רעדט... עס הערט זיך נאָך אַמאָל אַ קול. דאָס איז ער, איך האָב געוואוסט, ער וועט קומען. הויבן זיך אויף, מנחם קומט אַריין.

מנחם

אָט בין איך צוריק.

העלענאַ

מעדעאַ האָט געצווייפלט, איך ניט. איך האָב געוואַרט אויף דיר.

מנחם

פון וואַנען האָסטו געוואוסט, אַז איך וועל קומען?

העלענאַ

מיין האַרץ האָט מיר דערציילט אַ סוד.

מנחם

קומט נעהענטער. איך האָב מורא געהאַט, איך וועל דיך ניט געפינען.

העלענאַ

איך האָב דיר געזאָגט, איך וואַרט אויף דיר. איך וואַרט, דו זאָלסט מיך פירן צו מיין מלוכה.

מנחם

דער וועג צו דער מלוכה איז אַ לאַנגער און אָ שווערער·

העלענאַ

דאָס מאַכט ניט אויס·

מנחם

ער פירט דורך צער און זאָרג·

העלענאַ

אַלץ זיסער וועט זיין דאָס גליק·

מנחם

שווער, מלכּת־שבא, שווערער ווי דו מיינסט·

העלענאַ

וואָס האָט זיך מיט דיר געטראָפן?

מנחם

דו וועסט ניט פאַרשטיין אפילו, ווען איך זאָל דיר דערציילן. היינט האָב איך עפּעס פאַרמאָגט, איצט האָב איך גאָרניט·

העלענאַ

אַ העלפט פון מיין מלוכה וועט דיר געהערן·

מנחם

ווייל דיין מלוכה איז מיר ליב, האָב איך דאָס אַנדערע פאַרלוירן.

העלענאַ

וועסטו ניט גיין מער צו דיין ברודער?

מנחם

דער וועג צו אים איז פאַרשפאַרט·

העלענאַ

גוט, דאָס פרייט מיך·

מנחם

פרייסטו זיך מיט מיין צער?

העלענאַ

האָט דיין ברודער ווען געשמייכלט?

מנחם

איך געדיינק ניט·

העלענאַ

דערמאָן זיך גוט, איך וויל דאָס וויסן. האָסטו ווען געזעהן אַ שמייכל אויף זיינע ליפּן?

מנחם

איך קאָן זיך ניט דערמאָנען. פאַרוואָס פרעגסטו דאָס?

העלענאַ

ווייל איך האָב מורא פאַר מענטשן, וואָס קאָנען ניט שמייכלען.

מנחם

מלכּת־שבא, איצט, אַז דו ביסט פריי, וואָס װילסטו טון?

העלענאַ

דו האָסט מיר געגעבן מיין פרייהייט. וואו דו וועסט באַפעלן, וועל איך גיין.

מנחם

דו האָסט ניט קיין לאַנד און קיין פאָלק?

העלענאַ

ניין.

מנחם

דאָרטן אין די בערג ליגט דאָס לאַנד, וואו איך בין געבוירן. איך קען עס ניט. אָבער איך האָב עס ליב פון דער וויטן. וועסטו גיין מיט מיר אַהין?

העלענאַ

איז דאָרטן מיין מלוכה?

מנחם

דער וועג צו דיין מלוכה גייט דורך דאָרטן.

העלענאַ

גיי איך מיט דיר.

מנחם

ניט אין קיין פּאַלאַץ וועסטו וואוינען, ניט קיין באַדינטע וועסטו האָבן.

העלענאַ

איך גיי.

מנחם

אַ פאָלק, וואָס דו קענסט ניט, מנהגים, וואָס דו פאַרשטייסט ניט...

העלענאַ

אויב דאָס איז דיינס, איז דאָס מיין מלוכה.

מנחם

פון מדבר גיי איך צוריק צו מענטשן, פון הלומות צו וואָר.

העלענאַ

מעדעאַ וועט גיין מיט אונז?

מנחם

דו וועסט גיין מיט אונז, אַלטע, דו וועסט זיין מיט אונז.

מעדעאַ

איך דאַרף ניט פיל, איך בין שוין אַלט.

מנחם

און זאָל די גאַנצע וועלט װיסן, אַז מנחם איז געטריי צו זיך אַליין.

מעדעאַ

לאָמיר גלייך גיין, לאָמיר ניט וואַרטן.

העלענאַ

מען קומט . . . אַלע העררן זיך צו.

מנחם

אמת, טריט פון אַ פערד.

מעדעאַ

ווער זאָל דאָס זיין?

העלענאַ

איז דאָס ער, פאַר וועמען איך האָב מורא?

מנחם

האָב פאַר קיינעם קיין מורא ניט. אַלע קוקן אַרויס. דאָס איז מיין ברודער.

העלענאַ

איך האָב מורא נאָר פאַר איינעם.

מנחם

ער שטייגט אַראָפּ פון פערד. גייט אַנטקעגן.

מעדעאַ

די געטער זאָלן ביישטיין, דאָס אומגליק הויבט זיך אָן. העלענאַ כאַפּט זי אָן.

העלענא

זיי שטיל, אַלטע, דערמאָן ניט דאָס וואָרט. חלקיה קומט אַריין.

מנחם

זיי געבענטשט, מיין ברודער.

חלקיה

דו האָסט ניט געוואַרט אויף מיר?

מנחם

איז מיין שמחה טאָפּלט גרויס. ביסטו אַליין?

חלקיה

איך בין אַליין.

מנחם

איך האָב געוואוסט, מיין ברודער, דו וועסט מיך ניט אָפּשטויסן. צו העלענאַן. גריס מיין ברודער.

העלענאַ

פאַרנייגט זיך. זיי געבענטשט, הויפּטמאַן.

חלקיה

מעסט זי מיט אַ לאַנגען בליק. מנחם, איך בין געקומען מיט דיר ריידן.

העלענאַ

דיין ברודער איז מיד, ברייננ אים כאָטש וואַסער צו טרינקען פונם קוואַל.

חלקיה

איך בין ניט דאָרשטיג· *מנחם גייט אַרויס, חלקיה קוקט חייטער אויף העלענאַן.* עס איז קיין חדוש ניט, וואָס דו האָסט אים פאַרכשופט. דלילה האָט געמוזט אויסזעהן ווי דו.

העלענאַ

איז זי אויך געווען אַ מלכּה?

חלקיה

אַ מלכּה פון חושך־לאַנד.

העלענאַ

זעה איך ניט אויס ווי זי. איך האָב פיינט דעם חושך. *קומט נעהענטער צו אים.*

חלקיה

גיי אַוועק פון מיר, טאָכטער פון לילית.

העלענאַ

עס שיינט, ווי דו וואָלסט פאַר מיר מורא האָבן.

חלקיה

רייד ניט צו מיר, איך וויל דיין קול ניט הערן.

העלענאַ

פאַרוואָס?

חלקיה

וואוהין איז מיין ברודער געגאַנגען?

העלענאַ

פאַרוואָס פאַרפאָלגסטו מיך, שלעכטער מענטש? האָב איך דיר שלעכטס געטאָן?

חלקיה

איך קען דיך ניט, גיי אַוועק.

העלענאַ

האָסטו קיינמאָל ניט ליב געהאַט קיין פרוי? דו ביסט דאָך אויך אַמאָל געווען יונג. דיינע אויגן זיינען דאָך תּמיד ניט געווען אַזוי האַרט, און עמיצער האָט דיך אַמאָל ליב געהאַט.

חלקיה

פרוי, טרעט אָפּ פון מיר, איך וועל דיך טויטן.

העלענאַ

גוט, טויט מיך··· אָדער איך וועל דיך טויטן. *טרעט אָפּ צוריק.* קיינער האָט דיך ניט ליב געהאַט, אַ פרוי וואָלט אַנטלויפן פון דיר, ווי פון אַ גיפטיגן שלאַנג.

מנחם

*קומט אַריין מיט אַ לאָגל וואַסער.* נאַ, טרינק, מיין ברודער. *העלענאַ נעמט פון אים דעם לאָגל.*

חלקיה

איך וויל ניט טרינקען, איך וויל ריידן מיט דיר.

מנחם

איך הער דיך, ברודער.

חלקיה

איך וויל ריידן נאָר מיט דיר.

העלענאַ

איך וויל דיך גאָר ניט הערן. קום, מעדעאַ. בײדע גייען אַרויס.

חלקיה

איך האָב באַשלאָסן דאָס לעצטע מאָל מיט דיר צו ריידן. איך האָב געשוואָרן ביי מיין פאָטערס קרייץ, זאָגסטו מיר אָפּ, בין איך ריין פון מיין שבועה.

מנחם

דו קאָנסט פאַרוואַנדלען דעם טרויעריגסטן טאָג אין מיין לעבן אין דעם גליק־ליכסטן, עס ליגט אין דיין האַנט.

חלקיה

דיין גליק אָדער אומגליק קימערט מיך ניט. איך דאַרף דיך, בין איך געקומען צום לעצטן מאָל פרובירן דיך צו ראַטעווען.

מנחם

פון וועמען?

חלקיה

פון פינסטערע פאַרפירערישע כוחות, וואָס האָבן פאַרצאַמט דיין וועג.

מנחם

דער וועג איז ניט פאַרצאַמט, ער איז ברייטער ווי פריהער.

חלקיה

און ווען ס'וועט נויטיג זיין אָפּצוגעבן דאָס גאַנצע לעבן, ניט נאָר אַ טייל, נאָר די גאַנצע נשמה?

מנחם

וועל איך דאָס טון.

חלקיה

און וועט דיין האַרץ ניט פלאַטערן צווישן צוויי וואָגשאָלן?

מנחם

מיין האַרץ וועט שטאַרק זיין, איך וועל דיר דאָס באַווייזן.

חלקיה

בין איך צופרידן.

מנחם

נאַ דיר מיין האַנט, מיין ברודער. געבן זיך די הענט.

חלקיה

קום.

מנחם

וואוהין ?

חלקיה

דיין גאַנצע נשמה מיט דיין גאַנצן לעבן.

מנחם

דערקלער מיר.

חלקיה

אַ שליח איז געקומען צו מיר פון ארץ־ישראל, ער האָט מיר געבראַכט אַ וויכטיגע ידיעה, דאָס פאָלק האַלט ביים אויפשטיין.

מנחם

גרויסער גאָט, איז דאָס מעגליך?

חלקיה

פאַרשטייסטו ?

מנחם

מיט זיין האַנט אויף דעם האַרצן. איצט איז געקומען די צייט. איצט וועל איך באַוויזן, אַז צוויי וועלטן קאָנען רוהיג לעבן אין מיין נשמה.

חלקיה

איין וועלט. איך וואַרט אויף אַ צייכן פון דאָרטן. ווען דריי פייערן וועלן ברענען אין די בערג, איז דאָס דער סימן, מען וואַרט אויף אונז.

מנחם

איך וועל גיין מיט דיר, מיין ברודער. איך בין גרייט כאָטש תיכף.

חלקיה

און ווייל דו ביסט יונג און מוטיג, וועסטו זיין דער ערשטער אין דעם קאַמף. וועסטו פאַרענדיגן, וואָס דיין פאָטער האָט אָנגעהויבן.

מנחם

דער ערשטער צי דער לעצטער, ווי דער גורל וועט באַשטימען.

חלקיה

לאָמיר גיין.

מנחם

איך רוף זי נאָר און מיר גייען. װיל אַרויסגיין.

חלקיה

איין וועלט האָב איך געזאָגט.

מנחם

מיין ברודער, מיין פירער...

חלקיה

איך האָב געזאָגט איין וועלט, אָהן וואָגשאָלן.

מנחם

זיי ניט פאַרעקשנט, ברודער, זי וועט מיר אין וועג ניט שטערן.

חלקיה

ווער עס האָט געפּלאַנצט אַ גאָרטן, געבויט אַ הויז אָדער גענומען אַ פרוי, דער איז ניט קיין פרייער קעמפער.

מנחם

זי וועט זיין מיין ווייב נאָך דעם נצחון.

חלקיה

ווער עס באַגערט אַן אַנדער זאַך, אַחוץ נצחון, דער גייט ניט דער ערשטער אין שלאַכט.

מנחם

אָ, חלקיה, טויט ניט מיין באַגייסטערונג, צעשטער ניט מיין אמונה אין דיר.

חלקיה

ווילסטו קעמפן, קום מיט אונז. ווילסטו גליק, זיץ דאָ און וואַרט ביז אַנדערע וועלן אויסקעמפן פרייהייט פאַר דיר און דעמאָלט קום אַהין. אָט זיינען די וואָגשאָלן, קלייב וואָסערע דו ווילסט.

מנחם

איך קאָן ניט, ברודער, איך קאָן ניט.

חלקיה

ענטפער, יינגל, מיין צייט איז קורץ.

מנחם

וואָס וועט זיין פון איר?

חלקיה

איך וועל זי אַוועקשיקן אין איר לאַנד.

מנחם

איך קאָן ניט. אָ, חלקיה, האָב רחמנות אויף מיר.

חלקיה

דו גייסט, צי דו בלייבסט?

העלענאַ

קומט אַריין. ער גייט.

מנחם

פאַרוואָס זאָגסטו דאָס?

העלענאַ

ווייל דו וועסט גיין אין דיין פאָטערלאַנד איינגעמען די מלוכה, וואָס זי געהערט דיר.

חלקיה

מנחם, דו האָסט נאָך ניט געענטפערט.

העלענאַ

דו ביסט געבוירן צו זיין אַ מלך. איך האָב דאָס גלייך דערקענט, ווי איך האָב דיך נאָר געזעהן. איצט איז דיין צייט צו קריגן דיין מלוכה.

חלקיה

דו האָסט נאָך ניט גערעדט.

מנחם

(אַנטשלאָסן.) וואו איך וועל זיין, וועט זי זיין. צו אַ זיגער אין יהודה, צו אַ קנעכט אין ווייטן רוים.

חלקיה

איך האָב געהערט דיין תּשובה. (חיל אַוועקגיין.)

העלענאַ

וואַרט אויס, דאָס איז ניט זיין לעצט וואָרט. (צו מנחמען.) לאָז מיך אַליין מיט אים (מנחם גייט אַרויס.) נו, האַרטער מענטש?

חלקיה

וואָס ווילסטו?

העלענאַ

(הויבט אויף דעם לאָגל, האַלט אים אַ רגע און לאָזט אים פאַלן.) איך וויל זיין שלום מיט דיר.

חלקיה

לאָז אים אָפּ, פּרוי, לאָז אים אָפּ. איך האָב קיינמאָל קיין זאַך ביי קיינעם ניט געבעטן. איך בעט דיך, לאָז אים אָפּ, איך דאַרף אים.

העלענאַ

דאָס זעלבע זאָג איך דיר, מיר פירןביידע אַ מלחמה איבער אים. ווער פון אונז וועט געווינען?

חלקיה

דו האָסט אים פאַרכשופט, ער איז אַ יינגל, ער קאָן ניט ביישטיין דיין ווייבער־חן.

העלענאַ

ביסטו מודה, אַז איך בין שטאַרקער.

חלקיה

פאַרוואָס רייד איך צו דיר? דו האָסט אונטערגעהערט אונזער געשפּרעך. אפשר ביסטו אַ שפּיאָן, אָנגעשטעלט אויף אונז.

העלענאַ

ווער איז מיר אַזוי נאָהענט, ווי מנחמס פאָלק? וואָס איז מיר אַזוי טייער, ווי זיין נצחון? זעה, שטאַרקער מענטש, איך בין שטאַרקער פון דיר. דער נצחון קאָן זיין מיינער, אָבער איך וועל זיך אונטערגעבן.

חלקיה

ווערסטו אים אָפּלאָזן?

העלענאַ

צוליב אים וועל איך דיך אויך אָפּלאָזן, איך גיב זיך אונטער. מיין מלוכה איז צעבראָכן.

חלקיה

וועסט אַוועקגיין פון אים, וועסט אים קיינמאָל ניט באַאומרוהיגן?

הֶעלֶענאַ

איך וועל אַוועקגיין.

חלקיה

איך וועל דיך אַוועקפירן צו דיין לאַנד.

הֶעלֶענאַ

איך וועל דאָס לאַנד אַליין געפינען, אָהן דיין הילף.

חלקיה

ווי דו ווילסט.

הֶעלֶענאַ

און איך, די זיגערין, וואָס גיט זיך אונטער, וויל זיין פריינט מיט דיר. גיב אַכטונג נאָר אויף אים. פאַר זיך וויל איך נאָר פון דיר אַ שמייכל, אַ פריינטליכן שמייכל צום ערשטן מאָל אין דיין לעבן.

חלקיה

אפשר מיינסטו, דו וועסט מיך פאַנגען אין דיינע דלילה־נעצן?

הֶעלֶענאַ

איך האָב געהאַט אַ נעץ פאַר דיר, האָב איך זי אַוועקגעוואָרפן. איך וויל זיין שלום מיט דיר, איך וויל, מנחם זאָל זיך דערמאָנען אָן מיר מיט ליבשאַפט.

חלקיה

אַז דו וועסט שווערן, וועל איך דיר געבן מיין האַנט אַלס צייכן פון שלום.

הֶעלֶענאַ

שווערן איז ניט גענוג. ער זאָל ניט וויסן, וואו איך בין פאַרבליבן.

חלקיה

איך וועל דיך אַוועקפירן ביז אַ ישוב — גלייך, נאָך היינט ביינאַכט.

הֶעלֶענאַ

איך וועל פאָלגן, די צוויי שונאים וועלן גיין צוזאַמען.

חלקיה

דעמאָלט זיינען מיר אויס שונאים, איך וועל עס דיר באַווייזן. מיר זיינען שלום. איך טרינק פון דיין לאָגל. אײדער זי באַווייזט עפּעס צו טון, נעמט ער דעם לאָגל און טרינקט פון אים.

הֶעלֶענאַ

האַלט!

חלקיה

אָט האָסטו אַ באַווייז.

הֶעלֶענאַ

עס איז ניט מיין שולד.

חלקיה

וואָס איז?

העלענאַ

עס איז ניט מיין שולד. איך האָב געוואָלט, דו זאָלסט לעבן צוליב אים.

חלקיה

דו האָסט מיך געסמט, פאַרשאָלטענע.

העלענאַ

מנחמס גאָט האָט דאָס געטאָן, ניט איך.

חלקיה

לילית, איך האָב דיר געגלויבט. ווייל די אָנכאַפּן, שטעלט זיך פּלוציס אָפּ און פּאַרקוקט זיך. איינס, צוויי, דריי — פלאַקערס אויף, העכער, באַלייכט די גאַנצע וועלט. פּליהט, פונקען, זאָגט אָן, עס קומט די גרויסע שעה. גייט חייסער. איך קום, מיין פאָלק, איך גיי צו דיר. תּאַקלט זיך אַרויס. זיין קול הערט זיך: גליל, מיין גליל, איך קום.

מעדעאַ

קומט אַריין. ער קומט, מנחם קומט! אָ, געטער!

מנחם

קומט אַריין. מיין ברודער! וואָס איז אים? איז דאָס געווען זיין קול? לויפט אים נאָך.

העלענאַ

מעדעאַ, אָ, מעדעאַ, וואָס איז געשעהן? וואָס זאָל איך טון?

מעדעאַ

צו וואָס האָסטו געסמט דאָס וואַסער?

העלענאַ

איך האָב געמיינט, איך וועל זיך ניט קאָנען אונטערגעבן. אָט קומט ער.

מנחם

לויפט אַריין ווילד. ער איז טויט, מיין ברודער, מיין לערער, ער איז טויט.

העלענא

ער האָט אַליין...

מנחם

דו האָסט אים געסמט. ער איז גערעכט געווען, דו ביסט לילית. האָסט זיך פאַר־שטעלט פאַר אַ מלאך, דו האָסט אים געטויט, דו האָסט מיך געטויט. העלענאַ דריקט מעדעאַן שטאַרקער צו זיך און שווייגט. מיט מיינע הענט וועל איך דיך דערשטיקן, מיט מיינע הענט.

העלענאַ

שטופּט מעדעאַן אָפּ פון זיך. קום, טויט מיך.

מנחם

ניט איין וואָרט מער פון דיר! דו האָסט מיך גענוג געהאַלטן אין דיין שוואַרצן כשוף. ער איז גערעכט געווען, מיין ברודער, מיין גרויסער ברודער. עס הערן זיך קולות פון אַ סך מענטשן.

העלענאַ

איינס נאָר בעט איך, גלויב מיר. אַלץ איז צוליב דיר, גלויב מיר.

מנחם

זיי קומען, זיי קומען. ס'הערן זיך אויסגעשרייען: „חיי איז אונז, חלקיה איז טויט". גמליאל און אַ גרופּע סיקאַריער קומען אַריין.

גמליאל

מיר זיינען יתומים אָהן אַ פאָטער.

די מחנה

ווייַ איז אונז.

גמליאל

ניט מיט זיין טויט איז ער געשטאָרבן.

מנחם

מיין האַרץ איז ווי בליי, מיין אמונה איז טויט, מיין לעבן איז אויס.

גמליאל

דאָס איז זי, זי האָט עס געטאָן. די סיקאַריער וואַרפן זיך אויף איר.

העלענאַ

אַוועק, איר... קיינער פון אייך וועט מיך ניט אָנרירן, איר וועט מיר ניט גלויבן, אָבער ער וועט גלויבן. טרינקט פון לאָגל. איצט ביסטו צופרידן? איצט גלויבסטו?

מנחם

מלכּת־שבא... לילית... ווער ביסטו? כאַפּט זי אָן אין זיינע אָרעמס.

העלענאַ

די מלכּה פון לאַנד פון אומגליק.

מנחם

וואָס האָסטו געטאָן? פאַרוואָס?

העלענאַ

אַלע חלומות מיינע זיינען אין דיר מקוים געוואָרן. איך גלויב, דו וועסט פירן און קיניגן. זאָג מיר, אַז דו גלויבסט מיר און איך וועל שטאַרבן צופרידן.

מנחם

איך וויל דיר גלויבן, העלענאַ, מלכּה. וואָס טויג די מלוכה, ווען דו ביסט ניטאָ, וואו קיין אמונה איז ניטאָ?

העלענאַ

ביידע שונאים פון ביידע זייטן... איין גורל פאַר זיי ביידן, דו ביסט פריי. שטאַרבט. מעדעאַ נעמט זי אַרויס פון מנחמס אָרעמס און לייגט זי אַוועק אויף דער ערד.

מעדעאַ

דער שטורעם איז געקומען פונם מדבר און אַלץ חרוב געמאַכט.

גמליאל

זי האָט אים געטויט, מיט איר טמא האַנט האָט זי דאָס ליכט פאַרלאָשן.

מנחם

זיי שטיל, גמליאל, ניטאָ קיין ווערטער מער. לאָמיר שווייגן.

גמליאל

עס וועט טרויערן נאָך אים דאָס גאַנצע לאַנד, דאָס גאַנצע פאָלק. די קרוין פון אונזער קאָפּ איז אַראָפּ. גראָד איצט, ווען דער גרויסער טאָג קומט אָן, ליגט ער אָהן לעבן. זיינע אויגן זעהען דאָס ניט. דאָס פאָלק רופט אים, די דריי פייערן ברענען.

מנחם

ווי דורך אַ חלום. די פייערן, די פייערן, וואו?

גמליאל

אָן דאָרטן, זעה.

מנחם

קוקט אַ ווייל. גאָט פון יהודה הגלילי, גיב מיר כוח צו לעבן.

גמליאל

ווי שאָף אָהן אַ פּאַסטוך, זיינען מיר איצט געבליבן.

מנחם

דערשטיקט פון צער. שטיי איך פאַר דיר, אָ, גאָט, איך בעט ביי דיר, גיב מיר כוח צו לעבן.

גמליאל

אונזער פירער איז טויט. ווער וועט אונז פירן? אַלע שווייגן אַ ווייל.

מנחם

די גרויסע שעה וועט אונז ווייזן דעם וועג, ברידער. ווער האָט אַזוי פיל פאַר-לוירן ווי איך? אָבער איך זעה מיין וועג. גאָט, גיב מיר כוח צו גיין אויף אים.

גמליאל

אויב דיין וועג פירט אַהין, גייען מיר אַלע מיט דיר. די מחנה שטימט צו. דו ביסט יהודהס זון און חלקיהס ברודער.

מנחם

אין קאַמף פאַרן מאָרגן וועל איך פאַרגעסן דעם נעכטן. די טויטע צו זייער רוה, מיר — צו די לעבעדיגע.

פאָרהאַנג

די מעשה קומט פאָר לעבן ירושלים אין דעם רוימישן לאַגער, בעת די רוימער האָבן באַלאַגערט ירושלים אין דעם יאָר 70 לויט דער קריסטליכער רעכענונג. די סצענע שטעלט פאָר אַ געצעלט. אין געצעלט זיצט יוחנן בן זכאי. ער האָט זיך לעצטנס אַרויסגעגנבעט פון ירושלים מיט אַ קונץ. היות ווי די קנאים האָבן קיינעם ניט אַרויסגעלאָזט פונם שטאָט, האָבן זיינע תּלמידים אים אַריינגעלייגט אין אַ ארון און ווי אַ מת אַרויסגעטראָגן פון שטאָט. די רוימער האָבן אים צוגענומען, אים געגעבן אַ געצעלט און האָבן, ווי עס שיינט, פאַרגעסן אָן אים. זיצט ער נעבעך אַליין דאָ און וואַרט אויף עפּעס אָדער עמיצן. אָנגעטאָן איז ער, פאַרשטייט זיך, אין די אַמאָליגע בגדים, וואָס יידן אין יענער צייט פלעגן טראָגן אין ארץ־ישראל. אָבער אַחוץ די בגדים זיינע, קאָן ער מאַכן דעם איינדרוק פון אַ היינטיגן קליין־שטעטלדיגן רבי. ער זיצט מיט אַ מגילה אין האַנט און קוקט אַריין אין איר, פון צייט צו צייט זינגט ער אונטער מיט דעם טראַדיציאָנעלן גמרא־ניגון. עס קומט אַריין יוסף בן מתּתיהו (יוסיפוס פלאַוויוס), אַ דירעוודיג, מיטליאָרידיג יידל, וואָס בעת ער רעדט, מאַכט ער מיט די הענט. ריידן רעדט ער משונהדיג שנעל און מאַכט אומגעדולדיגע גרימאַסן. ער האָט אַ פּליכן קאָפּ און אַ קורץ געשוירן בערדל. ער איז אָנגעטאָן ווי אַ רוימער, און דאָס מאַכט זיין עכט יידיש פּנים נאָך בולטער יידיש. ער איז שוין אַ תּושב צווישן די רוימער, קען זייער לשון און איז אויסגעבונדן מיט זיי. ער איז שוין מיט די רוימער זינט יודפת איז געפאַלן, און ער, דער קאָמאַנדיר, האָט זיך אונטערגעגעבן דעם שונא.

יוסף

שלום־עליכם, רבי. שטרעקט אויס די האַנט.

יוחנן

דערשרעקט זיך, אַז יוסף קומט אַריין, הויבט זיך פלוצים אויף, נאָר אַז ער דערהערט דעם „שלום-עליכם", ווערט ער אַביסל רוהיגער. ער גיט די האַנט פונדערסטוועגן אומזיכער. עליכם־שלום. אַ ייד?

יוסף

מיט אַ געלעכטערל. נאָך אַ מין ייד. זאָגט אָקאָרשט ניט, אַז איר דערקענט מיך ניט.

יוחנן

דאָס פּנים אייערס איז מיר קענטליך, נאָר די ראיה איז ביי מיר לעצטנס ניט ווי עס באַדאַרף צו זיין. קוקט אויף אים. מיר קומט פאָר, אפשר מאַך איך אַ טעות . . .

יוסף

נו, זאָגט שוין, זאָגט שוין.

יוחנן

צי זענט איר ניט ר' יוסף בן מתתיהו?

יוסף

הערסטו, ווער דען זאָל איך זיין?

יוחנן

האַרציגער. טאָ נאַט אייך אָפּ שלום גאָר אויף אַן אַנדער אופן.

יוסף

עליכם ועל בניכם. געבן זיך ווידער די הענט.

יוחנן

דאָס פּנים אייערס שיינט דאָך קיין עין הרע. וואַרט, ווי לאַנג האָבן מיר זיך ניט געזעהן?

יוסף

אַ רעכט שטיקל צייט שוין.

יוחנן

דאָס לעצטע מאָל, דוכט זיך, האָב איך אייך געזעהן אין בית־המקדש ביי דער עבודה. דאָס איז געווען, אויב איך מאַך קיין טעות ניט . . .

יוסף

זאָגט מיר, רבי, וואָס האָט איר זיך עפּעס פאַרשטעקט אין אַ העק? אַז איר זאָלט וויסן, וואָס פאַר אַ חשוב איר זענט ביי די ערלים, וואָלט איר זיך אסור פאַררוקט אין עק וועלט. דעם בעסטן געצעלט, איר זאָלט בעטן, וואָלט מען אייך ניט אָפּגעזאָגט.

יוחנן

ווייס איך, ווען מען אַרט עס? וואָס זאָל איך זיך מישן צווישן זיי? וואו מען איז, איז מען. קוקט אויף אים. איר זענט פאָרט נשתנה געוואָרן, ר' יוסף. וואו זיינען ערגעץ די פאות אייערע? און דאָס בערדל אַפילו . . . היינט די מלבושים אייערע, האָט קיין פאַר־איבל ניט, זיינען אויך ניט עפּעס יידישליך.

יוסף

מילא, רבי, דאָס איז שוין אַ קנאַפּע סכנה, היינט זיינען נייע צייטן.

יוחנן

זיפצט. יאָ, נייע צייטן. אָט דאָס, דוכט זיך, איז די רעכטע סכנה.

יוסף

וואָס איז די נפקא מינא, וואָס פאַר אַ מלבושים מען טראָגט? דער בגד מאַכט דאָך ניט פאַר א יידן; דער עיקר דאָס האַרץ, און דאָס האַרץ, מעגט איר מיר גלויבן, איז ביי מיר אַ יידיש.

יוחנן

הערסטו, אַ שיין פּנים וואָלט געהאַט די וועלט, אַז זיי, ר' מתתיהוס זון, מבני בניו של מתתיהו כוהן גדול, זאָל נאָך ניט האָבן קיין יידיש האַרץ. אָבער דער צלם אלהים, ר' יוסף, איז אויך ניט קיין תפל. איך טראַכט, אַשטייגער, אַז אייער פאָטער, זכותו יגן עלינו, וואָלט אַצינד אויפגעשטאַנען פונם קבר און וואָלט אַ קוק געטאָן אויף אייך מיט די . . . ע . . . ע . . . ע . . . ע . . .

יוסף

האָט קיין יסורים ניט, מיין טאַטע איז געווען אַ היינטוועלטיגער, ער וואָלט פאַר־שטאַנען, אַז די נויט קאָן ברענגען צו זאַכן, וואָס מען איז זיי גאָר ניט אויסן. אין ירושלים וואָלט איך היינטיגן טאָג געגאַנגען אין יידישע מלבושים, אָבער צווישן גוים קאָן מען ניט אנדערש.

יוחנן

אַי, אַי, אַי, איז ער געווען אַ ייד, טאַקע פון די אמתע יידן, איך רייד פון אייער פאָטער זכרונו לברכה, אַ שאָד, וואָס עס זיינען ניטאָ מער אַזעלכע יידן.

יוסף

איר האָט אים, הייסט עס, גוט געקענט?

יוחנן

אַ שיינע שאלה, צי איך האָב אים געקענט. געווען ביי אים אין הויז כמה וכמה פּעמים. תמיד ווען די ישיבה האָט נויטיג געהאַט תמיכה, פלעגט ער זיך אָפּ־

רופן דער ערשטער — די שיינע נדבה, מיט דער שיינער עצה. אַנדערע יידן געוועז אַמאָל.

יוסף

האָט קיין שבר־לב ניט, רבי, עס זיינען נאָך היינט אויך דאָ שיינע יידן.

יוחנן

די וועלט וועט מן הסתם ניט אונטערגיין, אָבער דאָס האַרץ טוט וויי. אַי, ר׳ יוסף, איר וואָלט זעהן, ווי ירושלים, עיר הקדושה, זעהט אויס! אויפגעוואַקסן אַ דור פון עם הארצים און עולם־הזהניקעס, און זיי פירן די וועלט. עס איז עפּעס אַ חדוש, וואָס דער אויבערשטער האָט אויסגעגאָסן זיין גרימצאָרן אויף אונז? אפשר וואָלט דער זכות פון דער תּורה הקדושה בייגעשטאַנען, אָבער וואו תּורה, ווען תּורה?

יוסף

בו, און די ישיבות?

יוחנן

איר זענט דאָך אַ ייד אַ למדן, אייך דאַרף מען דאָך דאָס ניט מסביר זיין. ס׳איז ממש אַ חרפה. די בריונים לויפן אַרום פון בית־מדרש צו בית־מדרש, שלעפּן אַרויס די בחורים איבערגעוואַלד, פאַרברענען די ישיבות. שלאָגן האָט זיך זיי פאַרגלוסט, ממש ווי עשו. פאַרגעסן, אַז מיר זיינען דער עם הנבחר, באַשאַפן געוואָרן פון גאָט, ברוך הוא, פאַר אַנדערע ענינים, פאַר תּורה, פאַר מצוות און מעשים טובים. און וואו זאָל אַ ייד טאַקע נעמען כוח צו שלאָגן זיך?

יוסף

מיינע דבורים, רבי, וואָס טויג דעם המון זיך מישן אין אַזעלכע זאַכן. יידן, אַז מען לאָזט אייך צורוה, איר האָט פּרנסה, אַ גוטן פּריץ — וואָס נאָך דאַרפט איר?

יוחנן

איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, ר יוסף, עס כאַפּט אָן אַ־יאוש: אַז יידן בני־טובים — אַזעלכע אויך דאָ צווישן די בריונים — אַז יידן זיינען זיך אַזוי נוהג מיט תּלמידי חכמים, קאָן שוין די וועלט קיין קיום ניט האָבן.

יוסף

איך האַלט זיך ניט פאַר איינעם פון די צדיקי הדור, נאָר מען שמועסט דאָך, צווישן זיך שמועסט מען דאָך, וועל איך אייך דערציילן, רבי. אָט האָט אַנומעלטן טיטוס מיך איינגעלאַדן צו אַ סעודה. די גוים האָבן אַזאַ מנהג, ווי מיר אַ סיום להבדיל, מען קומט זיך צונויף און מען איז זיך משמח. ער איז, הערט איר, אַ דימענטענער גוי, אומזיסט געמאַכט אַ בלבול אויף אים, אַז ער איז אַ שונא ישראל. איך בין אייך מבטיח, אַז ווען ניט די הולטייעס, וואָלט מען געקאָנט מיט אים נשקשהדיג דורכקומען. איך זאָג דאָס אַנטקעגן דעם, וואָס איר זאָגט יידישקייט. אז איך בין געקומען צו דער סעודה, האָב איך מיטגענומען מיין אייגענעם וויין. איך וועל דאָך ניט טרינקען קיין יין־נסך. אַן אַנדער גוי וואָלט דאָך אויפגעשפּרונגען, ער האָט אָבער אַ וואָרט ניט געזאָגט. איך האָב זיך פאָרגענומען, אַז טרפות חס ישלום אָדער יין־נסך —

מיין לעבן זאָל מיך אַפילו קאָסטן. זעהט איר בגלוי ראש בין איך יאָ געזעסן; גלוי ראש איז ניט מסיני און מען קאָן דאָך קיין דבר אחר ניט זיין, צווישן גוים, מענטשן . . .

יוחנן

עס קאָן בכלל קיין גוטס ניט אַרויסקומען, אַז יידישע קינדער מישן זיך צווישן קיסרים. וואָס, אַשטייגער, טויג אייך דער גאַנצער עסק? איך מיין ניט חס ושלום אייך צו זאָגן מוסר, אָבער וואָס דאַרפט איר דאָס? אַ נגיד קיין עין הרע זענט איר. אַ מיוחס אויך. איר זענט ניט זשעדנע ניט אין געלט און ניט אין כבוד.

יוסף

מען שמועסט ניט וועגן דעם. איר זאָלט קיין פּאַראיבל ניט האָבן, רבי, איר זענט ניט קיין מומחה אין ענינא דעלמא. פאַרצייטן, אין אַן עת צרה, אַז מען האָט גע־דאַרפט עפּעס פּועלן ביי אַ פּריץ, איז ניט געווען װער ס׳זאָל עפענען אַ מויל. מיט אַ פּריץ דאַרף מען וויסן ניט אַזוי וואָס צו ריידן, נאָר טאַקע ווי צו ריידן. וואָלט איך האָבן די ברכות, וויפיל מאָל ער אַליין, טיטוס הייסט עס, איז צוגעגאַנגען צו מיר ממש ווי אַן אייגענער און מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע מעשה־ברודער און געזאָגט: „יוסיפוס (אַזוי רופן זיי מיך דאָ אויף זייער לשון), דו ביסט אַ וואויל יידל".

יוחנן

אַ פּריץ, האָב איך אַ קבלה, האָט אַ שייכות צו פּרנסה; אָבער אייך ברוך השם פעלט דאָך קיין פּרנסה ניט.

יוסף

פון די נכסים, וואָס מיין טאַטע עליו השלום האָט מיר איבערגעלאָזט, ווייסט איר דאָך, אַז זיי האָבן אַ תל־עולם געמאַכט. אַ שיינער תכלית איז טאַקע געוואָרן פון אַלץ. זאָלן זיי איינגעמען אַ מיתה משונה, די הולטייעס, אַ כפּרה פאַר טיטוסעס מינדסט נעגעלע.

יוחנן

שעלטן אַ יידן טאָר מען ניט פונדעסטוועגן. אַ ייד איז אַ ייד, און אַ גוי איז אַ גוי. דער ערגסטער ייד און דער בעסטער גוי זיינען נאָך ניט גלייך.

יוסף

אונטערגעצונדן די בנינים, אויסגעהרגעט די נגידים מיט די כהנים, מיט די שיינע יידן, געמאַכט פון אַלץ תחת חרב און איר זענט נאָך מלמד זכות אויף זיי. ארבע מיתות בית־דין קומט דאָך זיי.

יוחנן

אַביסעלע דערשראָקן. איך מלמד זכות אויף זיי? גאָט איז מיט אייך, ר׳ יוסף. אדרבא. נאָר וואָס קאָן איך טון? איר ווייסט דאָך, איך בין אַ ייד אַ חלוש, שוין חדשים, ווי איך בין אַ יושב בתענית. משבת לשבת בין איך כמעט ניט טועם אַביסל געקעכטס. אפשר וועט דער אויבערשטער זיך מרחם זיין צוליב מיין זכות. עס איז באו מים עד נפש. איר ווייסט ניט, ר׳ יוסף, איר ווייסט ניט וויפיל געזונט דאָס קאָסט מיר. ווישט אויס די אויגן.

יוסף

זייט זיך ניט מצער, רבי, איצט וועט עס אייך שוין אסור פעלן.

יוחנן

וואָס זיינען די תינוקות של בית־רבן שולדיג: די אומשולדיגע שעפעלאַך נעבעך? עס איז אַפילו קיין וואַסער ניטאָ אין שטאָט מיט וואָס אַ געחלשטן מחיה צו זיין.

יוסף

זאָלן זיי ניט זיין קיין טפשים, זאָלן זיי זיך ניט לאָזן פירן פון די בריונים פאַרן נאָזיטיטוס האָט דאָך מכריז געווען, אַז זיי זאָלן אַרויסקומען, וועט ער זיי קיין זאַך ניט טון.

יוחנן

איז טאַקע די בריונים האַלטן צו טיר און טויער און לאָזן קיינעם ניט אַרויס — האָט איר אייך איינס, והשנית, זיינען אייערע רוימער, זאָל אייך צו קיין גנאי ניט זיין, אויך קיין גרויסע צדיקים ניט. ווער ווייסט נאָך אַזוי גוט ווי איר, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן אין גליל?

יוסף

איך זאָג אייך אויף מיין הן, רבי, אַז אַלץ איז שקר וכזב. די רוימער זיינען גאָט די נשמה שולדיג. שולדיג זיינען טאַקע אַחינו בני־ישראל אַליין. יידעלאַך האָבן שוין אַזאַ טבע. והשנית, זאָגט מיר, רבי, ווען איז פרנסה געווען אַזוי בשפע, ווי עס איז איצט? באַשר, איר זאָלט מיר מוחל זיין, איר זענט ניט קיין ידען אין די ענינים, אָבער יידן זיינען דאָך מאסף ממון, מ׳האַנדלט, מ׳וואַנדלט, מע קויפט, מע פאַרקויפט; ווער עס שטעלט זיי צו קאָרן, ווער ווייץ און ווער דעם ביטערן טראָפּן.

יוחנן

און דאָרטן גייען יידן אויס פון הונגער.

יוסף

טאָ וואָס שווייגן זיי? וואָס קומען זיי ניט אַרויס? אָט למאַי איר טאַקע?

יוחנן

איז טאַקע די אייגענע מעשה — אפשר — ווער ווייסט — מילא — אויב עס איז אַרויס דער גזר־דין, מיט וואָס טאַקע בין איך בעסער פון כל ישראל. איז די תלמידים מיינע האָבן מיך ניט אָפּגעלאָזט: „גייט, זאָגן זיי, אפשר וועלן מיר ניצול ווערן צוליב אייער זכות". ס׳איז געווען ביטער אַזוי און ביטער אַזוי. און דער ראש וראשון זייערער חָנהלע דער גוש־חלבער פלעגט מיר דאָך ברענען די טריט ממש. פלעגט מאַכן אַ חוכא וטלולא פון מיר, אָנטון אַלע געבראָטענע צרות.

יוסף

אַ פייער טאַקע זאָל קומען אויף אים. די גאַנצע קאַשע האָט ער דאָ פאַרקאָכט. ווען ניט ער, וואָלט שוין אַלץ געווען כשורה. האָט איר געהערט אַן איינפאַל פון אַ יונגאַטש? פאַרגלוסט זיך אים אַזעלכע מאָדנע שמד־שטיק — אויס כוהנים, אויס נגידים, אויס מיוחסים. אַ שיין פנים וואָלטן זיי טאַקע געהאַט, ווען די שיינע יידן וואָלטן

אַוועק און זיי איבערגעלאָזט אויף גאָטס באַראָט. אָט זעהט איר דאָך, וואָס פאַר אַ פּנים זיי האָבן איצט, פרעסן זיך איינער דעם צווייטן. און ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן, רבי? אַ שיינע ריינע כפּרה, דער הונט איז ווערט דעם שטעקן.

יוחנן

פונדעסטוועגן, ר׳ יוסף, זיינען נאָך דאָ אָרנטליכע לייט אויך אין ירושלים. נאָך דאָ שיינע לומדים און סתם שיינע יידן. איר זענט דאָך אַליין אַ למדן און בן־טובים.

יוסף

איך וואָלט זיי עוקר מן השרש זיין, איך רייד שוין ניט, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן מיט מיין האָב און גוטס, זיי האָבן דאָך אַ וועלט חרוב געמאַכט. אַ וועלט פירט זיך פון ששת ימי בראשית, קומען אַ פּאָר הולטייעס און ווילן איבערדרייען אַלץ מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. בעת די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, איר געדיינקט דאָך, את חטאי אני מזכיר, איך האָב אויך געזאָגט יאָ, כאָטש אַז מען וויל שמועסן צוריק, האָב איך דערפילט אַפילו אין שלום־עליכם, אַז דער עסק וועט זיך אַזוי גלאַט ניט אויסלאָזן. נאָר גיי זיי אַ נביא, אַז חברה וועלן גאָר אָנהויבן רודפן אונז אַליין. איר געדיינקט דאָך מיין הויז; סאַמע לעבן; מגדל־דוד. יוחנן בן זכאַי שאָקלט מיטן קאָפּ. איך דאַרף זיך ניט אויספיינען פאַר אייך, די גאַנצע וועלט האָט געוואוסט, אַז ביי מיר איז געווען אברהם אָבינוס הויז. קיינמאָל ניט אַרויסגעלאָזט אַן אָרימאַן אָהן אַ נדבה, תּמיד געהאַלטן אַ למדן ביים טיש. אַליין בין איך געווען אַ טרוד, פּרנסה, כלל־זאַכן וכדומה, קיין צייט ניט געהאַט צו לערנען, אָבער אַ למדן אין שטוב האָב איך שטענדיג געהאַלטן. קומען צו גיין די הולטייעס און געמאַכט פון אַלץ אַ חורבן, אַפילו דעם יסוד האָבן זיי צענומען. עס שטעכט זיי אין די אויגן, די טישליאַרעס און בעל־עגלה־יונגען, וואָס מיין שלשלת היוחסין דערגייט אַזש ביז די חשמונאים. עס איז דאָך אַ רציחה, איך וואָלט זיי מחרים זיין פאַר גאָט און פאַר לייט.

יוחנן

איר זענט אַודאַי גערעכט, ר׳ יוסף, איז אָבער אַ צרה, וואָס זיי זיינען אַזוי ווייט פאַר־גאַנגען, אַז זיי האָבן שוין פאַרן חרם אויך קיין אָפּשיי ניט.

יוסף

אַרונטערגעוואָרפן פון זיך דעם עול און אַ סוף. קיין גאָט איז ניטאָ ביי זיי, קיין מלך, קיין דרך־ארץ. עפּעס אַ וואונדער, וואָס קליינע קינדער שטאַרבן פון הונגער?

יוחנן

זיפצט. עס איז ניט גוט, ר׳ יוסף, עס איז ניט גוט.

יוסף

מען טאָר ניט שווייגן, מען מוז געפינען אַן עצה.

יוחנן

וואָס איז שייך אַן עצה? ווי דער אויבערשטער וועט געבן, אַזוי וועט זיין. מיין חשבון איז, אַז די וועלט וועט ניט אונטערגיין. אַפילו די שעה, די רגע זאָל ניט זיין, אַז די גוים זאָלן אַריין אין ירושלים און אַפילו אל תּפתּח פּה לשטן — גאָט וועט ניט פאַר־

לאָזן; אָט למשל אַמאָל, דער חורבן — איז דאָך געווען איין מאָל ביטער, איז געקומען עזרא און האָט מחדש געווען די תורה.

יוסף

וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָ די תורה? תורה איז אַודאַי אַ גוטע זאַך, אָבער וואָס איז דאָס נוגע צום ענין?

יוחנן

איר זאָלט דאָס זאָגן, ר׳ יוסף, דער עיקר איז די תורה הקדושה.

יוסף

ווייס איך, נו . . . רוקט זיך אַהער אומגעדולדיג.

יוחנן

אַז מיר האַלטן שוין דערביי, וואָלט איך אייך געבעטן אַ טובה. איר זענט דאָך עפּעס אַ מקורב למלכות, מיט חן ביי די פּריצים, וואָלט איר זיך אפשר משתדל זיין ביים אדון הגדול?

יוסף

מיט אים איז קיין פּעולה ניט דאָס ריידן. איך האָב שוין וויפיל מאָל אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט מן הצד, ער איז מלא חמה.

יוחנן

דאָך, מיר זיינען חס ושלום קיין שלעגערס ניט און קיין מורדים אַודאַי ניט.

יוסף

איך פאַרשטיי ניט קלאָר, וואָס איר מיינט?

יוחנן

זיצנדיג דאָ, איז מיר איינגעפאַלן, אַז עס וואָלט בעווען אַ יושר גדול צו מאַכן אַ ישיבה ערגעץ ווייט פון ירושלים און פון גאַנצן טומל. יידישע קינדער זאָלן קאָנען לערנען תורה מיט אַ רוהיגן קאָפּ און אפשר טאַקע וואָלט ירושלים ניצול געוואָרן צוליב דעם זכות פון דער תורה.

יוסף

אָט דאָס איז גאָר? איך האָב געמיינט, איר ווילט ווער ווייסט וואָס. דאָס איז אַ קליי־ניגקייט. איך טראַכט, ווי מאַכט מען אַ סוף צום גאַנצן ענין.

יוחנן

דאָס איז ניט נאָך מיינע כוחות. עס וואָלט האָקן אָן מיר, וואָלט איך זיך אַודאי מוסר נפש זיין. איך וואָלט אייך ניט מטריח געווען, ר׳ יוסף. אייגנטליך איינגעפאַלן איז עס מיר שוין אין ירושלים זייענדיג, נאָר איך ווייס ניט, ווי דאָס מוציא צו זיין אל הפּועל. עפּעס גיין צום אדון, חילט זיך ניט, די אימה איז גרויס. מען זאָגט, ער איז אַ גרויסער שונא ישראל און איך בין אַ ייד אַ חלוש, קוים וואָס די נשמה האלט זיך אין מיר.

יוסף

מורא האָבן פאַר אים האָט איר ניט וואָס. אדרבא, איר זענט אַ גרויסער חשוב ביי

אים. ער האַלט פון אייך אַן עולם ומלואה. ער האָט זיך אַפילו נאָכגעפרעגט ביי מיר, וואָס דער ראַבינוס מאַכט.

יוחנן

מילא, דאָס בין איך אים מוחל.

יוסף

אפשר וואָלט טאַקע ניט געוועזן קיין קרומע זאַך, ווי איך בין אַ יידי. לאָז ער זעהן, אַז עס זיינען אַנדערע יידן אויך דאָ. טאַקע, רבי, איך בין בטוח, ער וועט אייך ניט אָפּזאָגן. נאָר איידער איר גייט, וואָלט איך אייך עפּעס עצהנען, אויב איר וועט קיין פאַראיבל ניט האָבן . . .

יוחנן

דהיינו?

יוסף

די אומות העולם האָבן זיך זייערע מנהגים און על פי דיניהם קומען אונזערע מנהגים אויס אַביסעלע ווילדליך, לכן אויב איר ווילט טאַקע געפינען חן ביי אים, פאַרגרייזלט אַביסעלע אייערע פאות און די באָרד אייערע.

יוחנן

מיין באָרד און פאות, גאָט איז מיט אייך!

יוסף

איך מיין ניט חס ושלום אָפּשערן לגמרי. נאָר מאַכן דאָס אַביסעלע, איר פאַרשטייט דאָך, וואָס איך מיין, אַביסעלע — ע — וואָרום וואָס דאַרפט איר, די ערלים זאָלן לאַכן פון אייך.

יוחנן

נו, אַז זיי לאַכן איז מה רעש? זאָלן זיי לאַכן. אַ ייד איז געוויינט, מען זאָל לאַכן פון אים; דערפון איז ניטאָ וואָס נתפעל צו ווערן.

יוסף

איך ווייס בעסער, ווי זיך נוהג צו זיין מיט זיי. דעם שבתדיגן טלית אייערן האָט איר מיטגעבראַכט מיט זיך?

יוחנן

ניין, וואָס איז דען?

יוסף

אַ שאָד, אַ שאָד. שפּאַנט אַרום.

יוחנן

נו, ר׳ יוסף, ווי איז געבליבן, וועט איר ריידן מיט אים?

יוסף

הערט זיך איין, רבי, די ישיבה לאָמיר דערווייל אַוועקלייגן אַן אַ זייט. איך זאָג דערווייל, מחמת אַ ישיבה איז אַ נויטיגע זאַך, וועגן דעם איז קיין ספק ניט; נאָר איך האָב געמאַכט אַן אַנדער פּלאַן און וועגן דעם בין איך אייגנטליך געקומען צו אייך הערן אייער עצה.

יוחנן

דהיינו, וואָס פאַר אַ פּלאַן?

יוסף

קודם כל וויל איך אייך אָנזאָגן, אַז מיר וועלן דאָ באַלד האָבן אַן אורח.

יוחנן

אפשר דעם אדון אַליין?

יוסף

נאָך ערגער.

יוחנן

ווער?

יוסף

אַנו טרעפט! איר וועט קיינמאָל ניט טרעפן.

יוחנן

איך ווייס ניט.

יוסף

דעם אבי־אבות הטמאה, חָנהקע דעם גוש־חלבער.

יוחנן

שפרינגט אויף. וואָס רעדט איר, ר׳ יוסף? ווי קומט דער רוצח אַהער?

יוסף

הערט מיך אויס מיט קאָפּ. איך וועל אייך דאָ דערציילן דעם גאַנצן סוד. טיטוסן, איר פאַרשטייט צי ניין, איז דער עסק נמאס. איר קאָנט זיך פאַרלאָזן אויף מיר, איך ווייס, וואָס איך רייד. לכתחלה האָט ער געמיינט, אַז עס וועט גיין איינס, צוויי, דריי; ער האָט אַפּנים קיין חומש ניט געלערנט, און ער ווייסט ניט, וואָס מיר ווייסן. קורץ, ער האָט זיך אַרומגעקוקט, אַז עס איז אַ מעשה אָהן אַ סוף, האָט ער זיך מישב געווען, אַז ער וואָלט באַשטיין אויף אַ פּשרה.

יוחנן

וואָס הייסט אַ פּשרה?

יוסף

הערט זיך איין מיט קאָפּ, רבי. פון פּנים וועגן וועלן די יידן זיך מוזן אונטערגעבן, איר ווייסט דאָך די גויאישע גדלות, אַנדערש שטייט אים ניט אָן, און לאחר דעם איז ער מבטיח, אַז ער וועט אָפּטרעטן מיט זיין גאַנץ חיל, און ארץ־ישראל וועט בלייבן ארץ־ישראל. די מלוכה וועט בלייבן אין יידישע הענט, איר פאַרשטייט?

יוחנן

און אַז ער וועט ניט אַוועקגיין?

יוסף

דאָס פאַרלאָזט זיך אויף מיר, איך ווייס, וואָס איך רייד. די צרה איז ניט דאָס, נאָר ווי פועלט מען ביי דער חברה דאָרטן; יענע מיינען דאָך טאַקע, אַז זיי וועלן אויספירן.

איז ביי מיר געבליבן, אַז מען דאַרף דעם גנב, נעמט מען אים אַראָפּ פון דער תליה, זיך דורכצושמועסן מיט זיי. איז איך ריידן מיט זיי, קאָן איך ניט, איך בין דאָך ביי זיי אַ פאַרבראַקירטער. איז ביי מיר געבליבן, איר זאָלט דאָס טון.

יוחנן

איך שמועסן מיט זיי? וואָס רעדט איר? מיך זיינען זיי דאָך מבטל אינגאַנצן. אָט דער זעלבער חנה האָט דאָך קיין אַנדער נאָמען ניט פאַר מיר, ווי דער אַלטער בטלן.

יוסף

דאָס איז בלאָטע. איז טיטוס געפאַלן אויף אַזאַ המצאה, דאָס הייסט די המצאה איז אייגנטליך מיינע, נאָר צווישן אונז זאָל דאָס זבלייבן. מיר זאָלן קריגן דעם בחור אַהער.

יוחנן

וואָס הייסט אַהער?

יוסף

אָט וועט איר הערן. ווי אייך איז מסתמא באַקאַנט, האָבן מיר ביידע, איך און ער, אַן אַלטן סכסוך צווישן זיך, האָב איך אים געשיקט אַ ידיעה אין אייער נאָמען און דערצו געשיקט אים אַ רשות פון טיטוסן אַריינצוגיין און אַרויסצוגיין, איר פאַרשטייט? כלומרשט, ווי איר האָט דאָס געפועלט ביי טיטוסן, ער זאָל לאָזן חנהן קומען צו דער אסיפה און דאָ וועלן מיר זעהן דורכצוקומען מיט אים. קיין נאַריש יידל איז ער דאָך ניט.

יוחנן

פאַרקרימט זיך. אַ פּראָסטע זאַך.

יוסף

פונדעסטוועגן איז כדאי צו פּרובירן. דער עיקר איז אָבער, איר דאַרפט ריידן צו אים אַזוי, אַז ער זאָל גלויבן, דער גאַנצער פּלאַן שטאַמט פון אייך. און האַנדלען מיר מיט אים איין, איז פוילגלדיג. טיטוס וועט זיך גיין לחיים ושלום, פון וואַנען ער איז געקומען. ירושלים וועט בלייבן ירושלים, כהנים וועלן בלייבן כהנים, נגידים—נגידים; חברה וועט מען אויך צוואַרפן אַ ביינדל, און איר, רבי, וועט אויך ניט צולייגן דערצו.

יוחנן

פע, ר' יוסף, וואָס מיינט איר חס ושלום בין איך?

יוסף

נו, ניט איז ניט; טוט דאָס לטובת הכלל, וועט איר האָבן עולם הבא דערפאַר. נאָר געמיינט האָב איך טאַקע אדרבא ואדרבא, אַז איר וועט זיין אין מיטן, וועט איר האָבן אַ דעה אין אוצר המלוכה, איר דאַרפט דאָך אויסהאַלטן אייערע ישיבות מיט אייערע קלויזניקעס.

יוחנן

זאָל ער נאָר פאָלגן דער רוצח, אַ שטיק געזונט האָט ער ביי מיר צוגענומען. איר ווייסט דאָך די מעשה, ווי אַזוי איך האָב זיך אַרויסגעגנבעט פון ירושלים?

יוסף

געהערט דערפון. געווען אַן המצאה, ווי איך בין אַ ייד. אַז איך האָב דאָס געהערט, האָב איך געמיינט, איך וועל שטאַרבן פון געלעכטער.

יוחנן

אייך איז לייכט צו לאַכן, מיר זיינען אַרויסגעפאַלן די דמים פון שרעק. אַן ארון, איר פאַרשטייט? און דאָ זעה איך דורך אַ שפּאַלט, ווי ער, דער רוצח, וויל מיך כאַפּש דורכשטעכן, צו זעהן, אויב איך בין אַן אמתער בר־מינן.

יוסף

דאָס איז געווען אַן איינפאַל, שוין איין מאָל אַן איינפאַל.

יוחנן

און איצט הייסט איר מיר ביי אים פועלן. ראשית, וועט ער דאָך זעהן מיט זיינע אייגענע אויגן, אַז איך בין בעזרת השם ניט קיין בר־מינן.

יוסף

נו, וואָס האָט איר מורא, דאָ איז ער קיין קנאַקער נישט.

יוחנן

וואָס איז שייך מורא?

יוסף

ער איז דאָך נאַר, וואָס דער טייוול זיצט אין אים.

יוחנן

מילא, אַז איר רעכנט, דעם כלל ישראל וועט אַרויסקומען אַ טובה דערפון, בין איך מוכן־ומזומן, כאָטש דעם אמת געזעדט, קאָן איך זיין טרפה צורה ניט אָנקוקן.

יוסף

נאָר אייי זאַ־ וואָלט איי־ אייך בעטן, רבי, אַז איר־רעדט־מיט אים, פאַרקריכט־ניט פון וועג. איי־ זאָג דאָס אַנטקעגן דעם, וואָס איר האָט אַ טבע, איר זאָלט מיר מוחל זיין, זיך צו פאַררייידן. קריגט אים אַריין אין א שמועס, דערנאָך וועל איך אַריינקומען כלומרשט לפי תומי און איך וועל שוין־פאַרענדיגן, זאָל ער אָבער מיינען, דאָס אַלץ שטאַמט פון אייך.

יוחנן

מילא, זאָל זיין אַזוי. עס הערט זיך, ווי מען הוסט אין דרויסן.

יוסף

ויבא המן! מיר דוכט, דאָס איז אונזער אורחס הוסטל. איך וועל זיך אַרויסכאַפּן אויף אַ ווייל. זאָל זיין מיט מזל און מיט ברכה. רוקט זיך אַרויס פון געצעלט. עס קומט אַריין יוחנן בן לוי. אַ יונגערמאַן מיט אַ קרענקליך אויסגעמאָגערט פּנים. אַז ער רעדט, פאַרהוסט ער זיך.

יוחנן בן לוי

בלייבט שטיין ביי דער טיר. אַ גוטער טאָג אויף אייך, רבינו. קוקט זיך אַרום. איר האָט דאָך דאָ אַ דירה מלוכה. די צרה נאָר, וואָס עס איז משונהדיג ווייט. דער ערל אייערער

האָט מיך געפירט און געפירט׳ אַפנים ער האָט אַליין ניט געוואוסט אַקוראַט׳ וואו איר האַלט זיך אויף׳

יוחנן בן זכאי

מילא׳ קום אַריין׳ אַז דו ביסט שוין יאָ דאָ׳ זעץ זיך׳

יוחנן בן לוי

אַ שיינעם האַרציגן יישר כוח אייך׳ גייט צו נעהענטער׳ וואו זעצט מען זיך דאָ? אַ׳ איך וועל שוין בעסער בלייבן שטיין׳ אַזוי דוכט זיך׳ איז מען זיך דאָך נוהג פאַר תלמידי חכמים׳ איר האָט זיך גיך צונויפגעשמעקט דאָ מיט די גדולים׳ רביניו׳ עולה לגדולה געוואָרן ביי די רוימער׳ אַן אַלטע מעשה׳ צווישן אייגענע זעהט מען זיך קיינמאָל ניט אַרויס׳ די רוימער אַפנים האַלטן פון הכנסת אורחים׳ איר זעהט׳ רבי׳ וואו אַ שיינע מידה קאָן זיך פאַרוואַלגערן׳ זייט פונדעסטוועגן פאָרזיכטיג מיט ד קעסט זייערע׳ אַן איבעריגער ביסן קאָן פאַרשאַטן׳

יוחנן בן זכאי

ביסט אַפנים שטאַרק אויפגעלייגט׳

יוחנן בן לוי

איין זאַך איז מיר אַביסל קשהדיג׳ וואָס טוט איר דאָ מיט שחיטה? וואַרט׳ מיר איז ניט איינגעפאַלן — פקוח־נפש אודאי׳ איר האָט דאָך׳ דוכט זיך׳ אַזאַ דין׳ צוליב פקוח־נפש מעג מען עסן פון רוימישער שחיטה׳

יוחנן בן זכאי

ביסט אַ גרויסער שייגעץ׳

יוחנן בן לוי

אונזער באַקאַנטשאַפט הויבט זיך דאָך ניט אָן פון היינט׳ דאָס ווייסט איר דאָך שוין פון אַלטע יאָרן׳ עס איז דאָך ניט כדאַי געוועזן זיך אַריבערפעקלען אויף יענער וועלט און פון דאָרטן צוריק אין אונזער זינדיגער וועלט׳ גראָד צו די רוימער אין לאַגער אַריין׳ נו׳ רביניו׳ וואָס פאַר אַ עסקים האָט איר מיטן ערל טמא און וואָס פאַר אַ עסקים האָט איר ביידע מיר מיר?

יוחנן בן זכאי

הער זיך איין׳ יוחנן׳ אַ הולטיי ביסטו׳ אַן אַפיקורס ביסטו׳ נאָר כאַפּ ניט אַריבער די מאָס׳ עס איז אַ צייט זיך צו וויצלען און עס איז אַ צייט צו זיין ערנסט׳

יוחנן בן לוי

דאַרפט איר אַ בעסערן וויץ? איר כאַפּט זיך אַרויס פון ירושלים און איר מיינט׳ איר האָט מיך אָפּגענאַרט׳ איר קומט אַהער און שיקט מיר אַ בריוול מיט טיטוסעס חתימה׳ לאָמיך אייך אויסזאָגן אַ סוד׳ דאָס איז טאַקע געוועזן מיין אייגענער פּלאַן׳ ווי אַזוי כמור צו ווערן פון אייך׳ אַן איבעריגן עסער׳ אַרויסוואַרפן אייך צו די רוימער האָט עפּעס ניט געפּאַסט׳ אַפילו אַ בטלן און אַ שוטה׳ נאָר פאָרט אַן אַלטער מאַן; האָב איך אייך דעריבער אונטערגעשיקט אַן עצה מיט איינעם פון מיינע לייט׳ איר זאָלט זיך מאַכן טויט און די תלמידים אייערע זאָלן אייך אַרויסטראָגן פון שטאָט; אגב

איז מיר געפעלן געוועןי אַז דער ראש פון אַ אָפּגעשטאָרבענער וועלט זאָל אַרויס פון ירושלים אין אַן אָרון טאַקעי ווי עס פּאַסט פאַר אַ געשטאָרבענעם.

יוחנן בן זכאי

ביסט אַן עם־הארץ און אַ גראָבער יונג.

יוחנן בן לוי

קאָן זעהר זייןי איר זענט גערעכט. צעלאַכט זיך.

יוחנן בן זכאי

פאַראַן מענטשןי וואָס דער אויבערשטער האָט זיי מזכה געוועןי זיי זאָלן זיין די יחידי־סגולה פון זייער דורי און עס איז פאַראַן ווידער מענטשןי וואָס די רשעות זייערע איז אַזוי גרויסי אַז אַפילו ביים טויער פון גהינום זיינען זיי ניט חוזר בתשובה. יוחנן בן לוי צעלאכט זיך פון דאָס ניי. דו לאַכסט נאָךי דו עזות מחוצף פּנים, ווייגען דאַרפסטו ניט לאַכן.

יוחנן בן לוי

זאָל איך וויינעןי אַז מיר כאַפּט אַ געלעכטער? און אַגבי פאַרוואָס זאָל איך זיך ניט אָנטון אַ וואוילטאָג אָט דאָ אָ? אין ירושלים, ווייסט איר, לאַכט מען איצט ניט.

יוחנן בן זכאי

פון וואַנען ווידער זאָלסטו וויסןי וואָס בעסערס איזי אַז אַ געבוירענער ביסטו אַ גלילער און דיין טאַטע איז אודאי געוועןפון די דאָרטיגע טישלערס.

יוחנן בן לוי

דוקא געוועןא בעל־עגלה.

יוחנן בן זכאי

נאָך ערגער.

יוחנן בן לוי

בעסערי גאָרניט דער ערך בעסער. צווישן טישלערס זין און בעל־עגלהשע זין איז אַ געוואַלדיגע נפקא־מינא. דעם טישלערס זון האָט איר פאַרטיג געמאַכט און אַ האָן האָט ניט געקרייט; און ער, דער שוטהלע, האָט אויך געשוויגן. די בעל־עגלהשע זין האָבן אָבער פויסטן און פאַר אַ פויסט האָט אפילו אַ ייד ווי איר דרך ארץ. והא ראיה אין ירושלים זענט איר זיך געזעסן שטיל ווי אַ קעצעלע, און דאָ רעדט איר, אַז עס איז אַ פאַרגעניגן אייך צו הערן. ווי רופט איר עס אַ מעין המתגבר.

יוסף

וואָס איז געשטאַנען אין טיר אַ ווײַלע און האָט געוואונקען צו יוחנן בן זכאי, קומט פלוצים צו. אַ טיש־לער, אַ בעל־עגלה — וואָס איז די נפקא־מינא, אַ פרנסה ווי אַלע פרנסות; אַן אָרנט־ליכער ייד איז ער דאָך געוועןְ.

יוחנן בן לוי

הערט, ווי דער ערל דברט אונזער לשון, משיחס צייטן.

יוחנן בן זכאי

זעהסטו, ער איז שוין דוקא אַ שיינער ייד.

יוחנן בן לוי

מיט די שיינע יידן האָב איך דאָך אַ פאַרפּלאָנטערטן חשבון. קער זיך אום, שיינער ייד, לאָמיך אָקאָרשט אַ קוק טון אויף דיין פּנים.

יוסף

שטרעקט אים אויס די האַנט. נאַ דיר אָפּ שלום.

יוחנן בן לוי

איך וואָלט שווערן, אַז דאָס איז ר' יאָסיפּוס אַליין — אַ רוח דיר אין די ביינער אַריין, איך האָב דיך דאָך כּמעט ניט דערקענט. האַ, האַ, איצט גייען שוין אַראָפּ אַלע קשיות. הייסט עס, דו האָסט זיך צונויפגעפּאָרט מיטן רבין, אַזאַ פּאַסיגער שדוך איז נאָך ניט געווען זינט נחס צייטן. דאָס איז געווען מסתּמא דיין קאָפּ מיך צו ברענגען אַהער. אַלטע ליבע ראָסטעט ניט, האָסט געבענקט נאָך מיר ?

יוסף

הער מיך אויס, קוקט זיך אַרום. אפשר וואָלט מען געקאָנט קריגן דאָ אַ פּאָר ביינקלאַך ?

יוחנן בן לוי

און שיק שוין נאָך אַביסל משקה אויך — אַ קליינינקייט אַ שמחה, אַזוי לאַנג זיך ניט געזעהן, אַזש פון יודפת אָן. ביסט אַ כיטרע מענטשל, יוסף, האָסט דאָס אָפּגעטאָן אגיל ואשמחדיג. הכלל, ווי גייט דיר אַזוי ? נאָך דיין פּנים נאָך דאַרף מען דיך אַפילו ניט פרעגן, הלואי אויף מיינע גוטע פריינט. ווי איך הער, ליבינקער, ביסטו אַ גאַנ־צער קנאַקער ביי די רוימער און אַ שמעלקע מיט טיטוסן. דער ריכטיגער בר־סמכא אויף זאַכן, וואָס איז נוגע יידן.

יוסף

מען האָט דיך אַרויסגערופן אַהער צוליב אַ וויכטיגן ענין. לייג אַוועק אויף אַ ווײַלע דאָס געוועזענע. איך האָב אויך טענות צו דיר, אפשר אַז מיר וואָלטן גיין צו אַ דין־תּורה, וואָלסטו אסור אַרויסקומען דער צדיק ; נאָר גאָרנישט, וואָס געווען — איז געווען.

יוחנן בן לוי

דו ווילסט אָפּמעקן דעם גאַנצן חשבון.

יוסף

איך וויל, אַז מיר זאָלן אַוועקלייגן אונזערע אייגענע חשבונות אָן אַ זייט. דער כּלל קומט פאַרן פּרט.

יוחנן בן לוי

דאָס איז אויסגעצייכנט געזאָגט. אויפן וואָרט ביסטו דאָך תּמיד געווען אַ מחבל.

יוסף

איך וויל האָבן מיט דיר אַן ערנסטן שמועס.

יוחנן בן לוי

ווי שטאַרק איך האָב דיך ליב, ווייסטו דאָך פון אַלטע צייטן ; אַצינד דערצייל מיר, ווי ליב דו האָסט מיך און מיר וועלן זיך צעשיידן, ווי עס פּאַסט פאַר אַזעלכע אוהבים נאמנים ווי מיר זיינען.

יוסף

ר׳ יוחנן • • •

יוחנן בן לוי

רעב יוחנן. צעלאַכט זיך. דאָס איז ניט שלעכט.

יוסף

פאַרוואָס ניט?

יוחנן בן לוי

אַ דאַנק דיר פאַרן טיטל, קלינגט עפּעס מאָדנע. שוין אָפּגעוויינט פון „רעב״, ביי אונז האָט מען דאָס שוין אָפּגעשאַפט.

יוחנן בן זכאי

ווייַ צו די אויערן, וואָס הערן דאָס.

יוסף

אַזוי ריידן סתם אין דער וועלט אַריין, איז דאָך קיין תכלית ניט. לאָמיר צוקומען צום עצם הענין.

יוחנן בן לוי

האָרכן בין איך דאָך געקומען, אמת, ניט דיך, נאָר דעם אַלטן; האָט מיך דער אויבערשטער מזכה געווען מיט דיין ליב קול אויך, איז דאָך אַוודאַי רעכט. אַפּנים דאָס איז זכות־אבות. נו, רייד, ליבינקער, רייד.

יוסף

די מעשה איז אַזוי, קיין הקדמות דאַרף מען ניט. דו זעהסט, ווי אונזער אומה האַלט אין דער וועלט. איך וויל ניט אַריינגיין אין דעם ענין, ווער איז שולדיג אין דעם עסק. וואָס אַוועק, איז אַוועק.

יוחנן בן לוי

ביסט עפּעס פּלוצים געוואָרן אַ ווילדער ותרן אויפן עבר — וואָס אַוועק, איז אַוועק. מאָדנע דבורים פאַר אַזאַ יידן ווי דו. איך געדיינק, גאָר ניט לאַנג צוריק האָסטו אַיינגעלייגט די וועלט שרייענדיג, וואָס איז געווען, מוז זיין.

יוסף

אַ סברא, אַז איך אַליין האָב אויך אַמאָל געגלויבט, אַז מיר קאָנען פירן מלחמה קעגן רוים.

יוחנן בן לוי

נאָר היינט גלויבסטו אַנדערש. דאָס איז דאָך איינע פון דיינע גרויסע מעלות, וואָס תענית־אסתר ביסטו המנס צד, און פורים ביסטו מרדכיס צד, עס ווענדט זיך נאָר, ווען דו קאָנסט אָפּלעקן אַ פעטער ביינדל.

יוסף

אַפּנים, אַז דו ביסט ניט מסוגל צו ערנסטע ענינים, עפּעס וויצלסטו זיך צו פיל.

יוחנן בן לוי

זאָל מיך גאָט שטראָפן, אויב איך מיין דאָס ניט ערנסט. וויצלען קאָן איך זיך מיטן

אַלטן, וויצל זיך ניט מיט אים. אָבער דו, שוואַרץ יאָר, ביסט שוין גאָר קיין וויץ ניט. דו ביסט אַ טרויעריג שטיק אמת.

יוסף

מעגסט דיר טראַכטן פון מיר, וואָס דיר געלוסט זיך. איך בין אַ ייד און איך וועל ניט צוקוקן גלייכגילטיג, ווי מיין פאָלק גייט אונטער, בפועל ממש גייט אונטער.

יוחנן בן לוי

יוסף, דאָס מאָל האָסטו ניט געטראָפן דאָס אָרט. דיינע דבורים וועגן „ייד", „פאָלק" און אַנדערע שיינע ווערטער וואַרפסטו אַרויס בחינם. איך געטרוי דיר ניט פון דאַנען אַהין, ווער ווייסט. וואָס פאַר אַ כּונה דו האָסט דאָ מיט דיינע צונויפגעלייגטע אויערלאַך.

יוסף

יוחנן, ביסט דאָך גאָר אַ ווי־רופט־מען־דאָס. איך וויל ריידן צו דיר, ווי צו אַ מענטשן, און דו כאַפּסט זיך גלייך זידלען. ווילסטו ניט, ווי דו ווילסט זיך. איך האָב געוואָלט דיר דערקלערן ווי די לאַגע איז: ווער די רוימער זיינען, זעהסטו דאָך, סיידן דו ביסט רחמנא ליצלן אַן אמתער משוגענער, ווייסטו אויך, אַז סוף כּל סוף מוזטו פאַרלירן. האָט ר' יוחנן בן זכּאי געמאַכט אַ פּלאַן, מיר זאָלן זיך דאָ צונויפקומען אויף אַן אסיפה פון אונז דרייען. דער רבּי וועט ריידן אינם נאָמען פון די בני־תּורה, איך — אין דעם נאָמען פון די פּני, און דו ביסט דאָך דער ראש המדברים פון דיין חברה. לאָמיר זיך אַלע דריי צוזעצן און זיך דורכשמועסן און בחברותא אויסאַרבעטן אַ תּרופה צו די צרות.

יוחנן בן לוי

אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט. וועלף און שעפּסן קאָנען ניט אַרבעטן בחברותא.

יוסף

וואָס פאַר אַ וועלף? וואָס פאַר אַ שעפּסן? מיר זיינען דאָך יידן, מיר וועלן דורכקומען.

יוחנן בן לוי

הייסט עס, מיר זיינען שוין נאָהענטע מחותּנים, לייבליכע קרובים — איין פאָלק.

יוסף

לאָמיר זיך ניט נאַרן, יוחנן, אַז די רוימער זאָלן איינגעמען ירושלים, איז אַ סוף צו אונז אַלעמען, עס וועט זיין ניט נאָר אויס בגידים און לומדים, אפילו אויס המון אויך, אָט דאָ, פאַרשטיי איך, האָבן מיר עפּעס יאָ בשותּפות. ס'וועט זיין אַ סוף פון גאַנצן פאָלק. דו ביסט דאָך ניט קיין נאַרישער ייד, טאָ זיי ניט קיין עקשן און הער זיך צו. איך בין דיר מבטיח, אַז עס איז דאָ אַן עצה, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון די רוימער, נאָר קודם כּל מוזן מיר קומען צו אַ טאָלק צווישן זיך. הכּלל זאָג מיר די האַנט אויפן האַרצן, וואָס וועט קאָסטן דער שמיר — מעשה סוחר.

יוחנן בן לוי

אַביסל איבעררעאַשט. וואָס וועט קאָסטן?

יוסף

איך בין אַ ייד אָהן קונצן. ווי דו זעהסט, גיי איך צום גרונט. וואָרום מיך וועסטו ניט נאַרן. דיינע בהמות דאָרטן מעגסטו איינריידן, אַז דו רייסט זיך דעם פּעלץ לטובת הכלל. נישקשה דו ווייסט גאַנץ גוט, וואָס דו טוסט. וואָס אמת, איז אמת, ביי דעם עולם־גולם ביסטו דאָך אַ גאַנצער קיסר כּמעט. אויפן ביינקל זיצטו אפילו, נאָר דאָס ביינקל דיינס הינקט אונטער שטאַרק. איך וועל דיר געבן אַ גאַנץ ביינקל בתנאי...

יוחנן בן לוי

בתנאי?

יוסף

אַז מיר זאָלן אויך קריגן אונזער חלק.

יוחנן בן לוי

ווער איז דער מיר?

יוסף

איך און דער רבי. מיר וועלן זיין אַלע דריי אַ מין מלכים בחברותא, ווי די רוימער להבדיל האָבן אַמאָל געהאַט, אַ טריאומוויר רופן זיי דאָס אויף זייער לשון. דו ווייסט דאָס ניט, אָט וועל איך דיר דאָס דערקלערן.

יוחנן בן לוי

דאַרפסט זיך ניט מטריח זיין, איך האָב געהערט.

יוסף

פאַרשטייו, וואָס מען רעדט צו דיר. דאָס איז דער איינציגער אויסוועג. טיטוס, צווישן אונז זאָל דאָס בלייבן, איז מסכּים אויף אַ פּשרה — אַ רענדל אַרויף, אַ רענדל אַראָפּ — מיר וועלן דורכקומען מיט אים, מער ווי די מטבע, איז ער ניט אויסן. איך וועל דיר איינרוימען אַ סוד — עס איז איצט אַ שעת־הכּשר, ער וויל מאַכן אַ סוף. ביריניקע — דו פאַרשטייסט דאָך, איך וויל ניט ריידן פאַרן אַלטן אין די אויגן, קיין פינגער אין מויל דאַרף מען דיר דאָך ניט שטעקן.

יוחנן בן לוי

אַ שאָד, וואָס אנשי שלומנו זיינען דאָ ניטאָ, אַז איך וועל זיי דאָס איבערדערציילן, וועלן זיי מיך חושד זיין, אַז איך בין מגזם.

יוחנן בן זכּאי

ווייסט איר וואָס, קינדערלאַך, קומט דורך צווישן זיך און לאָזט מיך אויס אינגאַנצן. וואָס טויגן מיר די מעשות מיט מלוכות? איך בין אייך מוחל דעם גאַנצן כּבוד, גיט מיר עפּעס פון אוצר המלוכה אויסצוהאַלטן די ישיבות און אַ סוף.

יוסף

איר מוזט קריגן אייער חלק, ווי דען? און די כּהנים מוזן ווייטער קריגן תּרומות און מעשר און די נגידים וועלן מוזן צוריק קריגן זייערע נכסים.

יוחנן בן לוי

די פראַגע איז נאַר, וואו ווּעסטו נעמען כהנים און נגידים, ואיך האָב זיי אַלעמען אויסגעהאַנגען.

יוסף

זיי האָבן יורשים.

יוחנן בן לוי

אַ נס, כ׳לעבן, וואָס דו בעטסט ניט, איך זאָל זיי מחיה מתים זיין.

יוסף

איך זעה, דו ווילצלסט זיך אַלץ.

יוחנן בן לוי

איך קלער, וואָס פאַר אַ וועלט־חכם דו ביסט. אַז דו ביסט געווען אונזער נציב אין גליל, האָב איך גאָרניט געוואוסט, אַז דו ביסט אַזאַ פקח; איך האָב געוואוסט, אַז דו ביסט אַ מענטש מיט אַ ברייט האַרץ און אַ ברייטער קעשענע, אָבער פון דיין טיפער חכמה האָב איך קיין השגה ניט געהאַט. אַ וואונדער, וואָס די רוימער נעמען דיך ניט אַריין אין זייער קאָן. פאַר זיי וואָלסטו דאָך געקאָנט איבערקערן וועלטן.

יוסף

ס׳איז אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט מיט דיר.

יוחנן בן לוי

און איר, רבינו, זאָגט זיך אָפּ פון דער מלוכה. זעהסטו, דער רבי ווייסט שוין בעסער ווי דו. ער זעהט אַליין איין, אַז ער איז אַן אויסגעשפּילטער, אַ רוח פון יענער וועלט, וואָס טרייבט זיך אַרום כף־הקלע.

יוחנן בן זכאי

דו רעדסט, ווי אַ דולער, רחמנא לצלן.

יוחנן בן לוי

רבינו, פון מלוכה זאָגט איר זיך אָפּ, דאָס איז גראָד קיין נאַרישקייט ניט, וויקלט זיך איין אין אייערע אַלטע שמות און ציהט חיות פון זיי.

יוחנן בן זכאי

וואָס קאָן מען דערוואַרטן פון דיר, מחרף ומגדף.

יוחנן בן לוי

און אפשר טאַקע דאַרף מען צו אייך ניט ריידן. איר זענט אַ קנאַפּע סכנה פאַרן פאָלק, סיידן דאָס פאָלק זאָל חס ושלום אַראָפּ צו דער מדרגה פון אַ חרש, שוטה וקטן.

יוסף

איך האָב געמיינט, דו האָסט שכל, יוחנן.

יוחנן בן לוי

דיך פאַרשטיי איך שוין צו גוט, יוסף, און מיר דוכט, אַז דו פאַרשטייסט מיך אויך. לאָמיר זיך גוט אָנקוקן איינער דעם צווייטן. דו זעהסט מיך, אַ? איך בין דער כעס פון אַ פאָלק, וואָס האָט זיך הונדערטער יאָרן געוואָרפן אונטער דיין יאָך. צוריק

איינשפּאַנען ווערסטו מיך מער ניט. האַק זיך אַריין אין קאָפּ איין מאָל פאַר אַלע מאָל און פאַרגעס דאָס ניט: צווישן אונז ביידע וועט קיין פשרה קיינמאָל ניט זיין. ס'איז אַ מלחמה ביזן סוף, מיר צי איר — קיין צווישנוועג איז ניטאָ און קאָן ניט זיין. ווער עס איז שטאַרקער, דער וועט אויספירן. געדיינקט דאָס גוט, ר' יאָסיפוס, צי די רוימער וועלן יאָ זיין אָדער ניט זיין, קעגן דיר וועלן מיר האַלטן מלחמה כל זמן מיר האָבן אָטעם.

יוחנן בן זכאי

דו ווילסט אומברייינגען דאָס פאָלק חס ושלום.

יוחנן בן לוי

אַז איר וואָלט געווען אַ לעבעדיגער מענטש מיט אָפענע אויגן, וואָלט איר געזעהן, אַז איך טו גאָר ניט — איך פאָלג נאָר, וואָס די צייט באַפעלט, עס ברענט אַ לאַנד, אַ גאַנץ פאָלק מיט איין לוסט.

יוחנן בן זכאי

אָבער דער סוף, דער סוף דערפון?

יוחנן בן לוי

דעם סוף וועלן זעהען די, וואָס וועלן דערלעבן ביזן סוף.

יוסף

דאָס איז אַ רציחה עד לב השמים, דאָס דאַרף פאַרשריבן ווערן, עס זאָל בלייבן אויף אייביג.

יוחנן בן לוי

שרייב, שרייב! דו ביסט דאָך אַ בריה אויף דער פען. שרייב, וואָס דו ווילסט, קיינער וועט דיר במילא ניט גלויבן. טוט זיך אַ כאַפּ אויף. רבותי, איך מוז גיין, דער שפּאַס איז געענדיגט.

יוסף

ביי אים איז דאָס אַ שפּאַס.

יוחנן בן לוי

ווען ניט אַ שפּאַס, וואָלט איך אַהער ניט געקומען. איצט מוז איך ווייטער ווערן ערנסט. איך מוז גיין צוריק זיך שלאָגן, און שלאָגן איז אַן ערנסטער ענין, אַ מאוסער ענין, אָבער אַן ערנסטער. היט זיך, רבותי, אונזערע פיילן פליהען ווייט, זיי קאָנען אַמאָל פאַרבלאָנדזשען צו אייך אין די לייבער אַריין. גריס טיטוסן פון מיינעטוועגן, יוסף, און זאָג אים, אַז מיר מיינען דאָס טאַקע מיט אַן אמת, ניט אַלע יידן זיינען פון דיין מין. גייט אַרויס.

יוחנן בן זכאי

דאָס איז אַ רוצח, קיין פּיצל יידיש האַרץ האָט ער ניט.

יוסף

וואָס טוט מען איצט? וואָס טוט מען?

יוחנן בן זכאַי

זיפצט זיך אָפּ. שוין צייט צו דאַוונען מנחה.

---

## פערזאָנען:

גדליה שאַליט, אַ קאָנטראָבאַנדיסט
נחמה, זיין ווייב
תּמרה, אַ יונגע פרוי
באָריס, אַ יונגערמאַן

אַ האַרבסט־נאַכט 1906 אין אַ קליין שטעטל בײַ דער רוסיש־פּרײַסישער גרעניץ. גדליה שאַליטס שטיבל אָרים און אַלטמאָדיש. אַן אַלטער זייגער כריפּעט הייזעריג. נחמה זיצט בײַ דער לעזשאַנקע און שטריקט אַ זאָק, אירע פינגער אַרבעטן שנעל. עס הערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר.

נחמה

וועր איז דאָ?

גדליהס קול

איך, נחמה, עפן!

נחמה

אָט שוין. עפנט די טיר. גדליה און תמרה קומען אַרײַן.

גדליה

פאַרוואָס איז עס אַזוי פינסטער?

נחמה

אָט וועל איך אַרויסדרייען די לאָמפּ. דרייט אַרויס די לאָמפּ און קוקט נייגעריג אויף תמרהן, וואָס איז געבליבן שטיין בײַ דער טיר.

גדליה

וואָס שטייט איר בײַ דער טיר? קומט אַהער. צו נחמהן. גיב איר אַ שטול.

תמרה

זייט זיך ניט מטריח, אַדאַנק.

נחמה

איר קאָנט זיך אויסטון דעם מאַנטל. פּויזע. ווילט איר אפשר עפּעס עסן?

תמרה

מיך הונגערט ניט. מאַכט אַ באַוועגונג אויסצוטון דעם מאַנטל און קאָן זיך קענטיג ניט באַשליסן.

נחמה

ווייזט מיר. העלפט איר זיך אויסטון און טראָגט אוועק דעם מאַנטל.

גדליה

אַ רעגן און אַ שטורעם איז עס . . . שוין פון כמה יאָרן אַזאַ וועטער ניט געזעהן.

תמרה

איז עס אַ מעלה אָדער אַ חסרון? איך מיין אויף דער גרעניץ.

גדליה

אַ מעלה — אַ חסרון, וואָס איז אונז די נפקאָ־מינא? אין מיטן העלן טאָג, אַז מיר דאַרפן גיין, מיינט איר איז עפּעס אַ מניעה?

נחמה

זעצט זיך ביי דער לעזשאַנקע, איצט ערשט דעם אויוון אויסגעהייצט. ווישט אָפּ מיטן פאַרטוך דעם שטול.

תמרה

וויפיל אַזייגער וועלן מיר גיין?

גדליה

איך בין גרייט כאָטשע תיכף. עס ווענדט זיך נאָר, ווען אייער יונגערמאַן וועט קומען.

תמרה

מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן דאָ צען דעם זייגער.

גדליה

ס'איז שוין נאָך צען.

תמרה

איך האָב אים געלאָזט ניט ווייט פון שטעטל. ווי מיינט איר, איז עס עפּעס אַ סכנה אַריינקומען אין שטעטל?

גדליה

עט, אַ סכנה . . .

נחמה

און וואו איז דער דריטער פּאַרשוין דיינער? האָסט דאָך געזאָגט, דו האָסט דריי.

תמרה

ניין, מיר זיינען נאָר זאַלבעצווייט.

גדליה

דאָ איז דאָ אַ בחור איינער, פון אייער חברה, וויל ער אויך גיין.

תמרה

ניט מיט אונז. איך האָב אָפּגערעדט מיט אייך, איר זאָלט קיין זייטיגן ניט מיטנעמען מיט אונז.

גדליה

דער בחור בעט זיך רחמים, ער זאָגט, ער איז אין גרויס סכנה. ער מוז נאָך היינט אַריבער.

תמרה

איר קריגט דערפאַר באַצאָלט עקסטרע.

גדליה

עס איז ניט דאָס געצאָלט, איר פאַרשטייט? איך האָב גערעכנט, אייך וועט עס ניט אַרן. ער איז דאָך פון אייערע לייט, אדרבא.

תמרה

האַלט אַן אָפּמאַך, פאַני שאַליט!

גדליה

ווי אייך געפעלט· דרייט זיך אַוועק· ווי אייך געפעלט· גייט צו דער טיר·

תמרה

דערשראָקן· וואוהין גייט איר?

גדליה

איך וועל אים גיין זאָגן, דעם בחור, אַז ער מוז וואַרטן ביז מאָרגן·

תמרה

איך וועל מיטגיין מיט אייך·

נחמה

וואו איז עס?

גדליה

עס איז אַ רעכט שטיקל וועג איבערן בריק, ביי אַ פויער ערגעץ·

תמרה

איך וועל מיטגיין·

נחמה

ס׳איז אַ רעגן־גוס· וואוהין וועט איר גיין? וואַרט דאָ בעסער·

גדליה

איך זעה, איר געטרויט מיר ניט·

תמרה

ניין, ניט דאָס, הער שאַליט, אַנטשולדיגט, איך מיין ניט קיין זאַך·

גדליה

אויב ביי אייך איז אַ ספק, קאָנט איר גיין צוריק·

תמרה

מען האָט מיך רעקאָמענדירט צו אייך·

גדליה

האָט מען אייך דאָך מסתמא געזאָגט, אַז מען קאָן זיך פאַרלאָזן אויף מיר·

נחמה

שרעקט זיך ניט· מיר וועלן אייך חס ושלום קיין שלעכטס ניט טון, מיר זיינען אויך יידן מיט יידישע הערצער· תמרה זעצט זיך שווייגנדיג אויפן שטול·

גדליה

קוקט איר נאָך, שטעלט אויף דעם קאָלנער פון זיין מאַנטל· אויב דער גוי קומט איידער איך, לאָז אים אַריין דורך דער הינטער־טיר, ער זאָל זיי ניט זעהן· גייט אַרויס· אַז ער עפנט די טיר, הערט זיך אַ שטורעם· תמרה קוקט אומרוהיג אויף דער טיר·

תמרה

מען קלאָפּט ניט?

נחמה

הערט זיך צו· ניין· טוט אַ שטילן זיפץ· ווייי, אַ דרויסן דאָס איז, פונקט נאָכן האַרצן נאָך·

**ת מ ר ה**

קוקט אויפן זייגער. עס איז שוין באַלד האַלב עלף. ווער ווייסט, וואָס האָט פּאַסירט.

**נ ח מ ה**

אפשר וואָלט איר זיך צולייגן און אויסרוהען איידער וואָס, ווען?

**ת מ ר ה**

איך בין ניט מיד.

**נ ח מ ה**

אייך וועט אויסקומען גיין אַ מהלך רבי, דורך וועלדער און בלאָטעס.

**ת מ ר ה**

זאָל שוין נאָר האַלטן דערביי. טוט זיך פלוצים אַ הויב, הערט זיך צו און זעצט זיך ווייטער אַוועק. מען קאָן פון זינען אַראָפּ. איך האָב געהערט, מען האָט דאָ נעכטן אַרעסטירט איינעם אויפן וואָקזאַל. האַלטן מען דען וואַך אין שטעטל אויך?

**נ ח מ ה**

די גרעניץ באַוואַכט מען, פאַרשטייט זיך, אָבער אין שטעטל גופא האָב איך ניט געהערט, מסתמא איז דאָס אַן אויסגעטראַכטע מעשה.

**ת מ ר ה**

און אויף דער גרעניץ גופא פּאַסירט עס, אַז מען זאָל עמיצן אָפּשטעלן?

**נ ח מ ה**

וואָס רעדט איר אָפּשטעלן? אַ שיין פּנים וואָלט עס געהאַט, די יונים זיינען דאָך בלאַט מיט אונז.

**ת מ ר ה**

פּאַסירט עס קיינמאָל ניט! איר זעגט דאָך שוין לאַנג דאָ, האָט עס קיינמאָל ניט פּאַסירט?

**נ ח מ ה**

שטיל. איך האָב ניט געהערט.

**ת מ ר ה**

רוקט זיך צו נעהענטער צו איר. דערציילט מיר, איך בעט אייך, דערציילט מיר דעם אמת. גיין וועלן מיר דאָך במילא, איך וויל נאָר וויסן.

**נ ח מ ה**

וואָס זאָל איך אייך דערציילן? איר וועט אם ירצה השם אַריבער בשלום. וואָס נאָך ווילט איר?

**ת מ ר ה**

איר באַהאַלט עפּעס פון מיר. איך בין ניט קיין שרעקנדיגע, דערציילט מיר אַלץ.

**נ ח מ ה**

עס האָט געטראָפן אַמאָל, נאָר עס איז געווען אומגעריכט, ניט צוגעגרייט. מיין אייגן קינד האָט מען דערשאָסן. ווישט זיך אויס די אויגן.

תמרה

אַך, גאָט!

נחמה

אַז מען וואָלט זיך געריכט אויף יענער נאַכט, וואָלט, פאַרשטייט זיך, אַלץ געווען כשורה. נאָר עס איז קיין צייט ניט גַעווען. חישט אויס די אויגן. ער האָט זיך אפילו אַ צאַפּל ניט געטאָן, מיין אָרים פויגעלע. דער יון האָט געשריגן, ער זאָל זיך אָפּשטעלן, האָט ער אָבער געוואוסט, אַז ער איז סיי ווי סיי פאַרלוירן.

תמרה

נעמט זי אָן ביי דער האַנט. אַנטשולדיגט, איך האָב ניט געוואוסט, איך האָב ניט גע־מיינט אַרויסצורופן ביי אייך אַזעלכע זכרונות.

נחמה

נאָר איר דאַרפט זיך ניט שרעקן, איצט איז מען שוין באַוואָרנט. דעמאָלט איז געווען אַ ביטערע איילעניש, אין מיטן נאַכט האָט ער אָנגעקלאַפּט.

תמרה

איז ער דען געווען אין דער פרעמד?

נחמה

אַז ער וואָלט געווען אין דער היים, וואָלט צו קיין אומגליק ניט געקומען. די מאַמע זיינע וואָלט שוין אַכטונג געגעבן אויף אים. איז אָבער אַ משוגעת אַריין אין אים און ס'האָט זיך אים פאַרוואָלט אין שטאָט אַריין, עס האָט אים געצויגן אַהין. ער האָט זיך צוזאַמענגעשמעקט מיט חברה און אַ סוף, די פינסטערע פרנסה אונזערע האָט געבראַכט דערצו. דער אַלטער מיינער האָט שטענדיג געהאַנדלט מיט דער חברה, פלעגט זיי די גרעניץ פירן, פלעגט סחורה פאַר זיי ברײנגען.

תמרה

ווי אַזוי איז דאָס געווען, איך מיין אָט דאָ אויף דער גרעניץ?

נחמה

אין מיטן נאַכט האָט ער אָנגעקלאַפּט. אַז ס'איז אים נעבעך איינג געוואָרן, איז ער צו טאַטע־מאַמע געקומען. „מאַמע, זאָגט ער, מע זוכט מיך". „וואָס הייסט, זאָג איך, מע זוכט דיך? ווער זוכט דיך?" „מאַמע, זאָגט ער, רייד ניט, ס'איז ניט גוט, איך מוז שוין אַוועק". „פאַר וואָסערע חטאים, זאָג איך, וואָס האָסטו אַזוינס אָפּגעטאָן? דערצייל דער מאַמען". די וואַנט רעדט, אַזוי רעדט ער. ער טענהט נאָר, ער מוז אַוועק. די גרעניץ איז דעמאָלט געווען שטריינג, דאָס הייסט, די יונים זיינען געווען פריש אָנגעקומענע. „וואַרט, זאָג איך, ביז מאָרגן כאָטשע, דער טאַטע וועט זעהן, וואָס צו טון". עס איז אים אָבער נעבעך באַשערט גע־ווען צו האָבן אַזאַ סוף. שאָקלט זיך. אַזוי איז געווען דעם אויבערשטנס ווילן. חישט אויס די אויגן.

תמרה

איז ער אַוועק אַליין?

נחמה

מיין אַלטער איז מיטגעווען. „מאַמע׳ זאָגט ער צו מיר פאַרן אַרויסגיין׳ וויין ניט׳ מאַכט ער׳ איך וועל נאָך צוריק קומען׳ אַז עס וועט פריי ווערן״. *וויינט.* אַ בן יחיד געווען ביי מיר׳ איין אויג אין קאָפּ. *עס הערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר.*

תמרה

*שפּרינגט אויף.* מען קלאַפּט! *לויפט צו דער טיר.* ווער איז דאָ?

באָריס קול

דאָס בין איך!

תמרה

*עפנט שנעל די טיר. באָריס קומט אַריין׳ תמרה נעמט אים אָן ביי דער האַנט.* וואו ביסטו געווען אַזוי לאַנג? גאָט מיינער׳ איך האָב געמיינט׳ איך וועל אַראָפּ פונם זינען.

באָריס

איך בין געגאַנגען אַרום׳ דאָס איז זיכערער. הייגט דאָס וועטער׳ איך בין דורכ־ געוועקט.

תמרה

וואַרף פון זיך אַראָפּ דעם מאַנטל׳ טו זיך אויס די שיך כאָטש.

נחמה

די לעזשאַנקע איז וואַרעם. זעצט זיך צו׳ איר וועט זיך אויסטריקענען.

באָריס

איך האָב אייך אַפילו קיין גוטן אָוונט ניט געזאָגט. *גיט נחמהן די האַנט.* וואָס מאַכט איר?

נחמה

אָט מען לעבט׳ אַדאַנק פאַרן נאָכפרעגן.

באָריס

איך האָב מורא׳ איר דערקענט מיך ניט.

נחמה

דאָס פּנים אייערס איז מיר קענטליך. מיר קומט פאָר׳ איר זענט דאָ שוין געווען אַמאָל.

באָריס

געווען דאָ עטליכע מאָל. זאָגט מיר׳ ווי פילט איר זיך? גלויבט מיר׳ איך האָב געפילט אייער צער׳ נאָר אפשר דאַרף מען דערפון ניט ריידן. *גייט אָפּ אין אַ זייט.*

נחמה

זאָל איך אויפשטעלן דעם סאַמאָוואַר?

באָריס

מילא׳ טיי קאָן מען טרינקען. *נחמה גייט אַרויס.*

תמרה

פון וואַנען ווייסטו פון זייער אומגליק?

באָריס

דו ווייסט ניט׳ ווער זיי זיינען?

ניין.

**תמרה**

**באָריס**

זי איז לייבלס מאַמע.

**תמרה**

אָ, גאָט מיינער! איז דאָס לייבלס מאַמע? פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט פריהער, איך האָב זיי אין אָנהויב ניט געטרויט. לייבלס מאַמע! וואָס פאַר אַ טייערע נשמה זי איז. מיר איז עס גאָר ניט איינגעפאַלן. איך האָב דאָך באַדאַרפט פאַרשטיין, פשוט זעהן די ענליכקייט.

**באָריס**

וואו איז גדליה? וויפיל אַזייגער וועלן מיר גיין?

**תמרה**

ער וועט באַלד קומען. אפשר וואָלסטו זיך צוגעלייגט? פאַר האַלבער נאַכט וועלן מיר שוין מסתמא ניט גיין.

**באָריס**

צולייגן זיך איז גוט, איך וואָלט אָבער איינגעשלאָפן ווי אַ טויטער; צוויי נעכט זיך ניט צוגעלייגט, זאָל איך איצט אויפן סוף זיך לייגן? רייסט זיך ביים קאָלנער. דער קאָלנער וואַרגט מיך.

**תמרה**

וואַרט, איך וועל אים לויז מאַכן. וויל אים העלפן.

**באָריס**

שטויסט זי אָפּ. לאָז זיין. שפּאַנט איבערן צימער. איך געדיינק, איך בין דאָס לעצטע מאָל געגאַנגען די גרעניץ, מיט אים אַליין. אָט דאָ אין דעם זעלבן צימער בין איך געלעגן אַ נאַכט און געהערט, ווי עס טיקעט דער זעלבער זייגער און דאָך בין איך געווען רוהיג. ניין, דעמאָלט איז טאַקע אַנדערש געווען. דעמאָלט האָבן מיר געוואַרט, אַז אָט־אָט וועט קומען די גרויסע געשעהעניש. תמרה, קוק ניט אַזוי אויף מיר. שוויג ניט. קאָנסטו קיין זאַך ניט זאָגן?

**תמרה**

באַרוהיג זיך, באַלד וועט אַלץ גוט זיין.

**באָריס**

דעם פּאַס, דוכט זיך, האָב איך ביי זיך. וואו האָב איך אים אַהינגעטאָן? זוכט אין די קעשענעס. איך האָב אים פאַרלוירן.

**תמרה**

אָט איז ער, אין ברוסט־קעשענע.

**באָריס**

טאַפּט אָן די ברוסט־קעשענע. געלט האָסטו גענוג?

**תמרה**

איך האָב אַלץ.

באָריס

אויף דער צווייטער זייט וועט מען מסתּמא וואַרטן אויף אונז?

תּמרה

אַלץ איז צוגעגרייט.

באָריס

טראַכט אַ רגע. אפשר לאָזט מיך ניט רוהען דער געדאַנק, וואָס איך פאָר איצט אָפּ פון רוסלאַנד אין אַזאַ שווערער צייט. איך וועל עס שוין מער ניט זעהן, און דאָרט וועל איך מוזן לעבן ווי אַ פּאָליטישער עמיגראַנט. אַזוי אַ יאָר נאָך אַ יאָר.

תּמרה

טראַכט ניט איצט וועגן דעם, באָריס, איך בעט דיך. גדליה קומט פּלוצלינג אַריין, באָריס און תּמרה שפּרינגעןביידע אויף דערשראָקן.

באָריס

איר האָט מיך איבערגעשראָקן, פּאַני שאַליט.

גדליה

בלייבט ביי דער טיר ווי פאַרגליווערט, ער קוקט לאַנג אויף באָריסן, זיין פּנים ווערט אַלץ פינסטערער.

איר זענט טאַקע געקומען.

באָריס

שטרעקט אים אויס די האַנט. שלום־עליכם, וואָס מאַכט איר?

גדליה

מאַכט זיך ניט זעהענדיג באָריס האַנט. גייענדיג אַהער, האָב איך געטראַכט פון אייך. איך ווייס ניט פאַרוואָס מיר איז איינגעפאַלן, אַז גראָד אייך וועל איך דאָ געפינען.

באָריס

אַלטע ליבע ראָסטעט ניט.

גדליה

טוט כמורנע אַ קוק אויף אים. איר וויצלט זיך, אַפּנים איר זענט שטאַרק אויפגעלייגט.

באָריס

קנייפּן די באַק, זאָגט מען, אַבי די פאַרב זאָל שטיין.

גדליה

אַ חסרון נאָר, וואָס איר קנייפט זיך די באַק, און ווי טון טוט עס אָבער יענעם.

באָריס

איך ווייס ניט, וואָס איר מיינט.

גדליה

אפשר געדיינקט איר, איך האָב אַמאָל געהאַט אַ יינגל. אַ קשיא אויף אַ מעשה, איר האָט שוין, קאָן זיין, פאַרגעסן אָן אים. לייבקע איז דאָך געווען אַ פּשוט יינגל און אָהן חכמות און אָהן געבילדעכטס.

באָריס

אַזוי ריידן האָט איר קיין רעכט ניט, פּאַני שאַליט.

ג ד ל י ה

גייט איינגע טריט הינטערווייַלעכטס און שפּאַרט זיך אָן אָן טיש. איר זענט געקומען צו מיר, וואָס פאַרלאַנגט איר?

ב אָ ר י ס

איך גלויב, אַז מען האָט שוין פריהער מיט אייך אַלץ אָפּגערעדט.

ג ד ל י ה

מען האָט מיר אָבער ניט געזאָגט, אַז איר זענט דאָס. אייך וועל איך ניט פירן.

ב אָ ר י ס

וואָס הייסט, איר וועט מיך ניט פירן?

ג ד ל י ה

איר האָט, דוכט זיך, געהערט, וואָס דאָס הייסט.

ב אָ ר י ס

היציג. איר רעדט נאַרישקייטן, איר מוזט מיך פירן.

ג ד ל י ה

איך מוז? אָט וועט איר באַלד האָבן אַ סימן, צי איך מוז, צי ניט.

ב אָ ר י ס

ר' גדליה, די לאַגע איז אַן אויסערגעוויינליכע, אַניט וואָלט איך בכלל מיט אייך מער ניט גערעדט. פון וואוילטאָג בין איך צו אייך ניט געקומען. איך מוז אַריבער די גרעניץ און אַ סוף. איר הערט קלאָרע דבורים. פאַרשטייט איר? מיר קענען זיך, דוכט זיך, ניט פון היינט אָן.

ג ד ל י ה

איר האָט געמיינט אודאי, איך וועל אייך אַרויפפּאַלן קושן פאַר אייער אַקציע. אַלטע גוטע פריינט, עפּעס אַ קלייניגקייט? איר האָט מיר טאַקע אַרויסגעוויזן פריינטשאַפט. איין יינגל האָב איך געהאַט, האָט איר אים געפּטרט.

ב אָ ר י ס

געפּטרט האָב איך אים? ... עט ... איר ווייסט ניט, וואָס איר רעדט.

ג ד ל י ה

בשעת מעשה בין איך בלינד געווען, איצט אָבער וועט איר מיך שוין מער ניט נאַרן. ווער האָט דאָ פאַרקאָכט דעם גאַנצן עסק, אויב ניט איר? איך האָב קיין שכל ניט געהאַט און אייך אַריינגעלאָזט צו מיר אין שטוב אַריין, האָב אייך געהאַלטן דאָ טעג, האָב געשטעלט מיין לעבן פאַר אייך אין סכנה וויפיל מאָל, און אָפּגעצאָלט האָט איר מיר טאַקע ווי עס באַדאַרף צו זיין. מסתמא אים געשיקט עפּעס אָפּטון, וואָס איר אַליין האָט מורא געהאַט צו טון, און ער, דער שעפּס, איז געגאַנגען אין פייער.

ב אָ ר י ס

גלויבט מיר, ר' גדליה, איך האָב אים אין ערגעץ ניט געשיקט. ער איז בכלל ניט געווען אין מיין רשות ...

גדליה

אָ׳ יענע נאַכט · · · איך האָב געזעהן׳ ווי דער סאָלדאַט צילעוועט· „לייבקע׳ האָב איך געשריגן׳ שטעל זיך אָפּ״· ער האָט ניט געענטפערט· ער האָט נאָר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט׳ ווי איינער רעדט׳ פאַרפאַלן· איך האָב געהערט דעם שאָס׳ איך האָב געזעהן׳ ווי ער איז געפאַלן · · · שטעלט זיך אָפּ· און אין יענער רגע זענט איר אַ סברא געזעסן אויף אַ ווייכן שטול מיט אַ ציגאַר אין מויל און גערדרשנט· אַלע שווייגן אַ ווײלע· וואָס שטייט איר דא? תמרה קוקט אויף אים מיט אויגן׳ פאַרגלעזערט פון שרעק· באָריס קנאַקט נערוועז די פינגער· וואָס שטייט איר דאָ?

באָריס

וואוהין׳ ווילט איר׳ זאָל איך גיין?

גדליה

איך וויל ניט זיין קיין מוסר· גייט אַוועק פון מיינע אויגן׳ רייצט מיך ניט·

נחמה

קומט אַריין· וואָס איז דאָ געשעהן? וואָס פאַר אַ געשרייען?

באָריס

מיט דריי טעג צוריק בין איך אַנטלאָפן פון פעסטונג· מען האָט מיך פאַרמשפט אויף · · · די נאַכט איז מיין לעצטע געלעגנהייט צו אַנטלויפן·

גדליה

איר וועט ניט זיין דער ערשטער·

נחמה

גאָט איז מיט דיר׳ גדליה׳ ביסטו משוגע צי שכור?

גדליה

דרייט זיך אַוועק· אַ לעבן פאַר אַ לעבן·

באָריס

גוט׳ וועל איך גיין אָהן אייך· קום׳ תמרה· עס הערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר· אַלע בלייבן אַ רגע ווי פאַראַליזירט· דער קלאַפּ חזרט זיך איבער·

נחמה

אָ׳ רבונו של עולם!

תמרה

פאָליציע! גדליה וויל צוגיין צו דער טיר·

באָריס

רירט זיך ניט פון אָרט· די טיר ניט געעפנט· איין טריט און איך שיס· נעמט אַרויס אַ רעוואָלווער· אַ לעבן פאַר אַ לעבן האָט איר געזאָגט·

נחמה

ליבער גאָט׳ האָב רחמנות! קינדערלאַך!

גדליה

ווער איז דאָ? אַ קול ענטפערט· דאָס איז דער פויער·

נ ח מ ה

געלויבט ביסטו גאָט. עטעמט אָפּ פריי.

ת מ ר ה

ווער איז דאָס?

נ ח מ ה

אונזער אייגענער פויער, אָט אַ שרעק.

ב אָ ר י ס

טו זיך אָן, תמרה, מיר וועלן גיין.

נ ח מ ה

מיט אַן האַרציגן און ענערגישן קער צו זיי. איר וועט ניט גיין אַליין. איר האָט אויך טאַטעס מיט מאַמעס. גדליה, איך וועל דאָס ניט אַריבערטראָגן.

ג ד ל י ה

מאַכט זיך עפּעס זוכנדיג. זאָג דעם פויער, ער זאָל וואַרטן באַרג אַראָפּ. מיר קומען באַלד אונטער. נחמה עפנט די טיר, זאָגט עפּעס דעם פויער און פאַרמאַכט די טיר צוריק.

ת מ ר ה

ה' שאַליט, איך פאַרשטיי אייערע געפילן. איך וואָלט אויך אפשר אַזוי געטאָן. נעמט אים אָן ביי די הענט. איך זאָג דאָס ניט, ווייל איר פירט אונז.

ג ד ל י ה

באַפרייט זיך פון איר, טוט אַ קוק אויף באָריסן, פאַרבינדט שטאַרקער זיין גאַרטל. קומט. גייט אָפּ אָן א זייט און פאָרעט זיך. באָריס און תמרה טוען זיך אָן.

נ ח מ ה

צו תמרהן. נאַט אייך מיין פאַטשיילע, וויקלט זיך איין, עס איז קאַלט.

ת מ ר ה

אַדאַנק, איך האָב אַ דיקן מאַנטל.

נ ח מ ה

נעמט מיט, מיין מאַן וועט דאָס צוריקברייננגען. פאַרהיקלט זי. גדליה גייט אַרויס.

ב אָ ר י ס

אַ גוטע נאַכט. גייט אַרויס.

ת מ ר ה

זייט געזונט.

נ ח מ ה

גייט געזונט און קומט בשלום. זיי קושן זיך.

ת מ ר ה

איך ווייס ניט, ווער עס וועט נקמה נעמען פאַר לייבלען, אפשר די צייט. גייט אַרויס.

נחמה זיפצט זיך אָפּ און זעצט זיך ווייטער אַהעק אויפן שטול, ווי אין אנהויב סצענע. גדליהס קול הערט זיך: די זייט . . . . אַהער . . . פּאַמעליע ווי איר גייט . . . דערנאָך ווערט שטיל. נחמה נעמט דעם זאָק און הויבט אָן אַרבעטן. דער זייגער קלאַפּט הייזעריג.

פ אָ ר ה אַ נ ג ל אַ נ ג ז אַ ם